271


GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

**Vol. XVI. No. 5.** **Jersey City, N. J., May-June, 1934** **Price 10 Cents**





## איינער וועט קומען

פון קלמן הייזלער.

די טעג ווערען שווער און שווערער,
און די צרות מער און מערער;
ווערזשע וועט קומען, ווער וועט היילען?
ווער וועט וועגען אונזערע ליידען דערציילען
די שפעטערע דורות, די שפעטערע קנעכט;
זאלען זיי כאטש שרייען און מאנען — רעכט.

די שפעטערע דורות. די שפעטערע קנעכט.
זאלען זיי פאדערען און מאנען רעכט!

איינער וועט קומען — מסתמא, און ער,
וועט דערציילען וועגען לעבען שווער;
און אלע וועלען פאלגען און צעברעכען די קייטען,
ס'וועט זיין דער אנהויב פון ליכטיקע צייטען.
ס'וועט זיין דער אנהויב פון געוואונענער שלאכט,
ס'וועט זיין דער אנהויב פון ארבעטער מאכט...

ס'וועט זיין דער סוף פון אייביקער שלאכט,
ס'וועט זיין דער אנהויב פון שיינקייט און פראכט!

# גרייט זיך צו דער קאָנווענשאַן פון 1934

## צו אַלע לאָקאַלס און דזשאָינט באָאַרדס פון דער אינטערנעשאַנאַל לײדיס גאַרמענט װאָרקערס יוניאָן!

איהר ווערט איינגעלאַדען צו ערוועהלען דעלעגאַטען צו דער 22סטער צוויי־יעהרליכער קאָנווענשאַן פון דער אינטערנעשאַנאַל לײדיס גאַרמענט װאָרקערס יוניאָן, וואָס וועט זיך עפענען אין שיקאַגאָ מאָנטאָג, דעם 28טען מאַי, 1934, צעהן אזייגער אין דער פריה.

אין איינקלאַנג מיט אונזער קאָנסטיטוציע האָט דיזע קאָנווענשאַן געזאָלט געהאַלטען ווערען דעם ערשטען מאָנטאָג אין מאָנאַט מאַי פון דיזען יאָהר. מיר האָבען אָבער געהאַלטען פאַר ראַטזאַם אָפּצולעגען די קאָנווענשאַן אויף עטליכע וואָכען, ווייל מיר האָבען ניט געוואָלט אָפּציהען די דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד און אַלע אונזערע צענטראַלע און לאָקאַלע קערפּערשאַפטען פון זעהר וויכטיגע אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייטען אין מיטען פון סעזאָן.

אונטער דעם רעכט וואָס מיר האָבען אונטער דעם פּונקט פון אונזער קאָנסטיטוציע וואָס לויטעט:

„די דזש. ע. ב. זאָל ווענינסטענס מיט זעקס מאָנאַטען פאַר דעם האַלטען פון אַ קאָנווענשאַן באַשטימען די שטאָדט אין וועלכער די קאָנווענשאַן דאַרף געהאַלטען ווערען".

האָט די דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד אויסגעקליבען שיקאַגאָ אַלס די שטאָדט פאַר דער נעקסטער קאָנווענשאַן, הויפּטזעכליך כדי צו באַטאָנען די גרויסע געווינסען וואָס אונזער אינטערנעשאַנאַל יוניאָן האָט געמאַכט אין דער מידעל־וועסט, און אויך אַלס קאָמפּלימענט פאַר אונזערע אָרגאַניזאַציעס אין יענע געגענדען. מיר האָבען אויך געוואָלט, אַז דעלעגאַטען זאָלען זיך קענען באַנוצען מיט די רעדוצירטע פּרייזען פון די אייזענבאַהן־קאָמפּאַניעס נאָך שיקאַגאָ (דאָס איז צוליב דער ווידער־עפענונג פון דער וועלט־אויסשטעלונג), כדי די קאָנווענשאַן זאָל קענען גוט פאַרטראָטען ווערען פון אַלע לאָקאַלס.

דיזע קאָנווענשאַן פאַלט צוזאַמען מיט דעם 35־יעהריגען יאָהרטאָג פון אונזער אינטערנעשאַנאַל יוניאָן אַלס אויטאָנאָמער מיטגליד פון דער אַמעריקען פעדערײשאַן אָוו לייבאָר. די דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד האָט דערפאַר באַשטימט דיזע קומענדע קאָנווענשאַן אַלס אַ יובילייר־קאָנווענשאַן, וואָס זאָל צייגען די גרויסע שטרעקע וואָס מיר זיינען אָפּגעגאַנגען אין דער היסטאָריע פון אונזער אָרגאַניזאַציע. די פייערונג פון דער קאָנווענשאַן וועט דאַרפען זיין אַזאַ וואָס פּאַסט זיך פאַר אַ יובילײ.

די 22סטע קאָנווענשאַן דאַרף זיין אַ יום־טוב׳דיגע אויך צוליב אַן אַנדער אורזאַכע: אין די עטליכע יאָהר פון קריזיס האָבען מיר אַלס אָרגאַניזאַציע שרעקליך געליטען סיי עקאָנאָמיש און סיי אין אַנדערע פּרטים, אָבער איצט מעגען מיר אָנווייזען מיט שטאָלץ אויף אונזערע אויפטואונגען אין פאַרגאַנגענעם יאָהר. מיר האָבען געמאַכט אַן אַבסאָלוטען סוף צו דער מגפה פון די סוועט־שעפּער וואָס האָט אויסגעפרעסען דאָס הארץ פון אונזער אינדוסטרי און האָט ערנידעריגט אונזערע אַרבייטער. מיר האָבען אָרגאַניזירט און געבראַכט אונטער יוניאָן־קאָנטראָל אַ סך געגענדען וואָס זיינען געווען ביז ניט לאַנג צוריק פעסטונגען פון עקספּלואַטאַציע און האַלז־שניידערישע קאָנקורענץ. מיר האָבען פאַרגרעסערט אונזער מיטגלידערשאַפט מעהר ווי דרייפאַך.

מיר האָבען זעהר שטאַרק אויסגעבעסערט די אַרבייטס־באַדינגונגען און די פאַרדינסטען פון אונזערע אַרבייטער אין גאַנצען לאַנד; און, דער עיקר, מיר האָבען געמאַכט אונזער יוניאָן פאַר אַ פאַקטאָר פון געוואַלטיגען איינפלוס אין יעדען צווייג און מאַרק פון אונזער אינדוסטרי.

דיזע געוואַלטיגע ענדערונג האָט נאַטירליך געבראַכט מיט זיך אַ סך נייע פּראָבלעמען פאַר אונז. דיזע פּראָבלעמען פאָדערן אַ קאָנסטרוקטיווע לייזונג, און מיר וועלען דאַרפען אָנווענדען אַלע אונזערע פעהיגקייטען אַלס טרייד־יוניאָניסטען און געטרייע מיטגלידער פון אונזער אינטערנעשאַנאַל יוניאָן צו פאַרענטפערן אַלע פּראָבלעמס ערנסט, עהרליך און אויפריכטיג.

מיר שיקען אייך אַרויס אַן אָפיציעלען „ריטורן־באַלאָט" אויף וועלכען איהר וועט דאַרפען פאַרצייכענען אונטער דער אונטערשריפט פון די באַאַמטע פון אייער לאָקאַל אָדער דזשאָינט באָאַרד די נעמען פון די דעלעגאַטען און אַלטערנייטס, זייערע אַדרעסען און לעדזשער־נומערן און אויך די צאָהל שטימען וואָס יעדער פון זיי האָט באַקומען. ווען מיר וועלען דאָס אַלעס פון אייך ערהאַלטען, וועלען מיר אַרויסשיקען צו דיזע דעלעגאַטען און אַלטערנייטס זייערע אָפיציעלע קרעדענשעלס צו דער קאָנווענשאַן.

זייט אַזוי גוט און טוט גלייך ווי עס ווערט אָנגעוויזען אין דיזען אויפרוף. דער אָפיציעלער „ריטורן־באַלאָט" מוז זיין אין די הענט פון פּרעזידענט־דזשענעראַל סעקרעטערי פון דער אינטערנעשאַנאַל ניט שפּעטער ווי דעם 2טען מאַי, 1934.

מיט ברידערליכען גרוס,

דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד י.ל.ג.וו.י.

דייוויד דובינסקי,

פּרעזידענט־דזשענעראַל סעקרעטערי.

## אונזער אינטערנעשאַנאַל אויף דער ראַדיאָ

יעדען פרייטאָג 10:15 אין אָווענט וועט פון דער ראַדיאָ סטאַנציע WEVD געהערט ווערען אַן אינטערעסאַנטע פּראָגראַם אַראַנזשירט פון דער אינטערנעשאַנאַל. באַרימטע רעדנער און באַרימטע מוזיקער און זינגער וועלען אויספילען דאָס פּראָגראַם. יעדען פרייטאָג וועט זיין אַ באַלעהרענדע רעדע און אַ געוועהלטע מוזיקאַלישע פּראָגראַם.

זאָל קיינער פון אונזערע מיטגלידער ניט פאַרפעהלען עס צו הערען!

געדענקט: פרייטאָג 10:15 אין אָווענט

ראַדיאָ סטיישאַן WEVD

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Vol. XVI. No. 5. Jersey City, N. J., May-June, 1934 Price 10 Cents




## איינער וועט קומען

פון קלמן הייזלער.

די טעג ווערען שווער און שווערער,
און די צרות מער און מערער;
ווערזשע וועט קומען, ווער וועט היילען?
ווער וועט וועגען אונזערע ליידען דערציילען
די שפעטערע דורות, די שפעטערע קנעכט;
זאלען זיי כאטש שרייען און מאנען — רעכט.

די שפעטערע דורות. די שפעטערע קנעכט.
זאלען זיי פאדערען און מאנען רעכט!

איינער וועט קומען — מסתמא, און ער,
וועט דערציילען וועגען לעבען שווער;
און אלע וועלען פאלגען און צעברעכען די קייטען,
ס'וועט זיין דער אנהייב פון ליכטיקע צייטען.
ס'וועט זיין דער אנהייב פון געוואונענער שלאכט,
ס'וועט זיין דער אנהייב פון ארבעטער מאכט...

ס'וועט זיין דער סוף פון אייביקער שלאכט,
ס'וועט זיין דער אנהייב פון שיינקייט און פראכט!

# נרייט זיך צו דער קאָנווענשאַן פון 1934

## צו אַלע לאָקאַלס און דזשאָינט באָארדס פון דער אינטערנעשאַנאַל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן!

איהר ווערט איינגעלאַדען צו ערוועהלען דעלעגאַטען צו דער 22סטער צוויי־יעהריליכער קאָנווענשאַן פון דער אינטערנעשאַנאַל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן, וואָס וועט זיך עפענען אין שיקאַגאָ מאָנטאָג, דעם 28טען מאַי, 1934, צעהן אזייגער אין דער פריה.

און איינקלאַנג מיט אונזער קאָנסטיטוציע האָט דיזע קאָנווענשאַן געזאָלט געהאַלטען ווערען דעם ערשטען מאָנטאָג אין מאָנאַט מאַי פון דיזען יאָהר. מיר האָבען אָבער געהאַלטען פאַר ראַטזאַם אָפּצולעגען די קאָנווענשאַן אויף עטליכע וואָכען, ווייל מיר האָבען ניט געוואָלט אָפּציהען די דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד און אַלע אונזערע צענטראַלע און לאָקאַלע קערפּערשאַפטען פון זעהר וויכטיגע אָרגאַניזאַציאָנס־טעטיגקייטען אין מיטען פון סעזאָן.

אונטער דעם רעכט וואָס מיר האָבען אונטער דעם פּונקט פון אונזער קאָנסטיטוציע וואָס לויטעט:

„די דזש. ע. ב. זאָל וועניגסטענס מיט זעקס מאָנאַטען פאַר דעם האַלטען פון אַ קאָנווענשאַן באַשטימען די שטאָדט אין וועלכער די קאָנווענשאַן דאַרף געהאַלטען ווערען“.

האָט די דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד אויסגעקליבען שיקאַגאָ אַלס די שטאָדט פאַר דער נעקסטער קאָנווענשאַן, הויפּטזעכליך כדי צו באַטאָנען די גרויסע געווינסטען וואָס אונזער אינטערנעשאַנאַל יוניאָן האָט געמאַכט אין דער מידל־וועסט, און אויך אַלס קאָמפּלימענט פאַר אונזערע אָרגאַניזאַציעס אין יענע געגענדען. מיר האָבען אויך געוואָלט, אַז דעלעגאַטען זאָלען זיך קענען באַנוצען מיט די רעדוצירטע פּרייזען פון די אייזענבאַהן־סיסטעמס נאָך שיקאַגאָ (דאָס איז צוליב דער ווידער־ערעפענונג פון דער וועלט־אויסשטעלונג), כדי די קאָנווענשאַן זאָל קענען גוט פאַרטראַטען ווערען פון אַלע לאָקאַלס.

דיזע קאָנווענשאַן פאַלט צוזאַמען מיט דעם 35־יעהריגען יאָהרטאָג פון אונזער אינטערנעשאַנאַל יוניאָן אַלס אויסגאַנאַמער מיטגליד פון דער אמעריקען פעדערישאַן אָוו לייבאָר. די דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד האָט דערפאַר באַשטימט דיזע קומענדע קאָנווענשאַן אַלס אַ יובילייר קאָנווענשאַן, וואָס זאָל צייגען די גרויסע שטרעקע וואָס מיר זיינען אָפּגעגאַנגען אין דער היסטאָריע פון אונזער אָרגאַניזאַציע. די פּייערונג פון דער קאָנווענשאַן וועט דאַרפען זיין אַזאַ וואָס פּאַסט זיך פאַר אַ יובילייע.

די 22טע קאָנווענשאַן דאַרף זיין אַ יום־טוב׳דיגע אויך צוליב אַן אַנדער אורזאַכע: אין די עטליכע יאָהר פון קריזיס האָבען מיר אַלס אָרגאַניזאַציע שרעקליך געליטען סיי עקאָנאָמיש און סיי אין אַנדערע פּרטים, אָבער איצט מעגען מיר אָנווייזען מיט שטאָלץ אויף אונזערע דערגרייכונגען אין פאַריגען יאָהר. מיר האָבען געמאַכט אַן אַבסאָלוטען סוף צו דער מגפה פון די סוועט־שאָפּ וואָס האָט אויסגעפרעסען דאָס האַרץ פון אונזער אינדוסטרי און האָט ערנידעריגט אונזערע אַרבייטער. מיר האָבען אָרגאַניזירט און געבראַכט אונטער יוניאָן־קאָנטראָל אַ סך געגענדען וואָס זיינען געווען ביז ניט לאַנג צוריק שטיצפּונקטען פון עקספּלואַטאַציע און האַלדשניידערע פאַב־קורענץ. מיר האָבען פאַרגרעסערט אונזער מיטגלידערשאַפט מעהר ווי דרייפאַך.

מיר האָבען זעהר שטאַרק אויסגעבעסערט די אַרבייטס־באַדינגונגען און די פאַרדינסטען פון אונזערע אַרבייטער אין גאַנצען לאַנד; און, דער עיקר, מיר האָבען געמאַכט אונזער יוניאָן פאַר אַ פאַקטאָר פון געוואַלטיגען איינפלוס אין יעדען צווייג און מאַרק פון אונזער אינדוסטרי.

דיזע געוואַלטיגע ענדערונג האָט נאַטירליך געבראַכט מיט זיך אַ סך נייע פּראָבלעמען פאַר אונז. דיזע פּראָבלעמען פאָדערן אַ קאָנסטרוקטיווע לייזונג, און מיר וועלען דאַרפען אָנווענדען אַלע אונזערע פעהיגקייטען אַלס טרייד־יוניאָניסטען און געטרייע מיטגלידער פון אונזער אינטערנעשאַנאַל יוניאָן צו פאַרענטפערן אַלע פּראָבלעמען ערנסט, עהרליך און אויפריכטיג.

מיר שיקען אייך אַרויס אַן אָפיציעלען „רעטורן־באַלאָט“ אויף וועלכען איהר וועט דאַרפען פאַרצייכענען אונטער דער אונטערשריפט פון די באַאַמטע פון אייער לאָקאַל אָדער דזשאָינט באָארד די נעמען פון די דעלעגאַטען און אַלטערנייטס, זייערע אַדרעסען און לעדזשער־נומערען און אויך די צאָהל שטימען וואָס יעדער פון זיי האָט באַקומען. ווען מיר וועלען דאָס אַלעס פון אייך ערהאַלטען, וועלען מיר אַרויסשיקען צו דיזע דעלעגאַטען און אַלטערנייטס זייערע אָפיציעלע קרעדענשעלס צו דער קאָנווענשאַן.

זייט אַזוי גוט און טוט גלייך ווי עס ווערט אָנגעוויזען אין דיזען אויפרוף. דער אָפיציעלער „רעטורן־באַלאָט“ מוז זיין אין די הענט פון פּרעזידענט־דזשענעראַל סעקרעטערי פון דער אינטערנעשאַנאַל ניט שפּעטער ווי דעם 2טען מאַי, 1934.

מיט ברידערליכען גרוס,

דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד י.ל.ג.וו.יו.

דייוויד דובינסקי,

פּרעזידענט־דזשענעראַל סעקרעטערי.

## אונזער אינטערנעשאַנאַל אויף דער ראַדיאָ

יעדען פרייטאָג 10:15 אין אָווענט וועט פון דער ראַדיאָ סטאַנציע WEVD געהערט ווערען אַן אינטערעסאַנטע פּראָגראַם אַראַנזשירט פון דער אינטערנעשאַנאַל. באַריהמטע רעדנער און באַריהמטע מוזיקער און זינגער וועלען אויספילען דאָס פּראָגראַם. יעדען פרייטאָג וועט זיין אַ באַלעהרענדע רעדע און אַ געוועהלטע מוזיקאַלישע פּראָגראַם.

זאָל קיינער פון אונזערע מיטגלידער ניט פאַרפעהלען עס צו הערען!

געדענקט: פרייטאָג 10:15 אין אָווענט
ראַדיאָ סטיישאַן WEVD

## אונזער יובילעאום קאַנווענשאַן

די אינטערנעשאַנאַל קומט צו איהר פינף און דרייסיג יעהריגער יובילעאום קאַנווענשאַן מיט אַ בארעכטיגטען געפיהל פון שטאָלץ. זי קען זאָגען, אַז די האָפנונגען, וואָס עס האָבען אויף איהר געלעגט די אַרבייטער מיט פינף און דרייסיג יאָהר צוריק, ווען זי איז געגרינדעט געוואָרען, זיינען ביז צו אַ גאַנץ הויכען גראַד פאַרווירקליכט געוואָרען. ווייניג יוניאָנס אין אַמעריקא קענען זיך באַרימען מיט אַזאַ גרויסען פראָצענט אָרגאַניזירטע אַרבייטער אין זייערע טריידס און נאָך ווייניגער יוניאָנס אין אַמעריקע קענען זיך באַרימען מיט אַזעלכע אַרבייטס־באַדינגונגען ווי די אינטערנעשאַנאַל האָט אויסגעקעמפט פאַר איהרע מיטגלידער.

פון אַ קליינער אָרגאַניזאַציע וואָס איהרע איינענע גרינדער האָבען געצווייפעלט אין איהר עקזיסטענץ איז די אינטערנעשאַנאַל אויסגעוואַקסען אין איינע פון די גרעסטע יוניאָנס אין אַמעריקאַ. די אינטערנעשאַנאַל איז היינט די דריטע גרעסטע יוניאָן אין דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר און זי ווערט באַטראַכט אַלס אַ מוסטער־אָרגאַניזאַציע אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג.

פינף און דרייסיג יאָהר איז אַ לאַנגע צייט אין דעם לעבען פון אַ מענשען. אַ סך פון די, וואָס האָבען געבויט די אינטערנעשאַנאַל, זיינען שוין מעהר ניטאָ צווישען די לעבעדיגע. אָבער אין דעם לעבען פון אַן אָרגאַניזאַציע, פון אַ באַוועגונג איז פינף און דרייסיג יאָהר ווייט ניט קיין לאַנגע צייט. די אינטערנעשאַנאַל רעכענט זיך צווישען די יונגע יוניאָנס אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער־באַוועגונג. דאָך ווען מען וואַרפט אַ ריקבליק אויף דעם וועג, וואָס די אינטערנעשאַנאַל איז אַפּגעגאַנגען אין די פינף און דרייסיג יאָהר פון איהר עקזיסטענץ און ווען מען לייענט די געשיכטע פון איהר טעטיגקייט און ווען מען פאַרגלייכט דאָס לעבען פון די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאַנאַל פון אַמאָל און היינט, דוכט זיך אָפּ, אַז עס איז זעהר אַ לאַנגע צייט ווי די אינטערנעשאַנאַל איז געגרינדעט געוואָרען, אַ סך מעהר ווי פינף און דרייסיג יאָהר.

***

ברודער אב. ראָזענבערג, געוועזענער פרעזידענט פון דער אינטערנעשאַנאַל, דערמאָנט אונז, אַז צוזאַמען מיט דעם פינף און דרייסיג יעהריגען יובילעאום פון דער גרינדונג פון דער אינטערנעשאַנאַל דאַרף מען אויך פייערען דעם 50יעהריגען יובילעאום פון דער ערשטער יוניאַן פון די קלאוק מאַכער, אדער ריכטינער, פון דער ערשטער פראָבע צו אָרגאַניזירען די קלאָוקמאַכער אין אַ יוניאָן. אָבער עס האָט געדויערט פינף און צוואַנציג יאָהר, ביז דעם סטרייק פון 1910, ווען די קלאָוקמאַכער זיינען באמת געוואָרען אָרגאַניזירט און אין זייער לעבען איז געקומען אַ באַדייטענדע ענדערונג צום בעסערען. זיינען אָבער די גאַנצע פינף און צוואַנציג יאָהר, וואָס די קלאָוקמאַכער האָבען געהאַלטען אין בויען יוניאָנס און זיי צושטערען, געגאַנגען אין גאַנצען פאַרלאָרען? עס איז אמת, אַז די קלאָוקמאַכער זיינען נאָך יענע פינף און צוואַנציג יאָהר פון בויען און צושטערען געבליבען שקלאַפען אין שאַפּ ווי פריהער און האָבען געאַרבייט לאַנגע שטונדען פאַר אַ הונגער לוין, אָבער יענע פינף און צוואַנציג יאָהר האָבען דאָך מיטגעהאָלפען, אַז אין 1910 זאָלען די קלאָוקמאַכער ענדליך דאָך אָרגאַניזירט ווערען און שאַפען אַ שטענדיגע יוניאָן. און עס וועט ניט זיין מעהר ווי גערעכט צו זאָגען, אַז די ווירקליכע עקזיסטענץ פון דער אינטערנעשאַנאַל, אויסלאָזענדיג דעם היסטאָרישען דאַטום פון איהר גרינדונג, פאַנגט זיך אָן מיט דעם גרויסען זיגרייכען קלאָוקמאַכער סטרייק פון 1910.

***

די אַמאָליגע ווייסט־מאַכער, וועלכע האָבען גענומען אַן אַנטייל אין דעם וואונדערליכען ווייסטמאַכער סטרייק פון 1909, וועלען זיין באַרעכטיגט צו זאָגען, אַז עס קומט אייגענטליך דער קרעדיט די ווייסטמאַכער, וואָס די אינטערנעשאַנאַל האָט נאָך צעהן יאָהר מאַטערניש און פאַרצווייפעלטער עקזיסטענץ ענדליך פאַרנומען אַזאַ אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג.

עס איז געוועזען דער ווייסט־מאַכער סטרייק פון 1909, קענען זיי זאָגען, וואָס האָט געגעבען די קלאָוקמאַכער דעם מוט און דעם אימפּעט פאַר זייער סטרייק אין 1910. און אויב מען רעדט שוין וועגען יובילעאומס, דאַרף מען זיך דערמאָנען אָן דעם פינף־און־צוואַנציג יעהריגען יובילעאום פון דעם ווייסטמאַכער סטרייק, וואָס האָט אַריינגעשריבען אַזאַ וואונדערליך שעהנעם קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטער־באַוועגונג.

געשיכטליך איז דאָס געוויס ריכטיג און די ווייסט־מאַכער קענען זיך ניט באַקלאָגען, אַז זיי האָבען ניט באַקומען דעם פאַרדינטען קרעדיט פאַר זייער טייל אין דעם אויפבוי פון דער אינטערנעשאַנאַל, אָבער צו דעם קרעדיט פון די קלאָוקמאַכער דאַרף געזאָגט ווערען, אַז מוט און אימפּעט צו סטרייקען האָט זיי קיינמאָל ניט געפעהלט און זיי האָבען ניט געדאַרפט וואַרטען, אַז די ווייסט־מאַכער זאָלען זיי עס געבען. די געשיכטע פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן איז פול מיט מוטיגע און העלדישע סטרייקס. די קלאָוקמאַכער האָבען געוואונען אַ רעפּוטאַציע פאַר אויסגעצייכענטע סטרייקער, נאָר דער טראָבעל ביז 1910 איז מיט זיי געוועזען, וואָס זיי האָבען בלויז געהאַט אַ סך מוט און אימפּעט צו סטרייקען, אָבער זעהר ווייניג געדולד און אויסדויער אויפצוהאַלטען אַ יוניאָן. ערשט נאָך דעם סטרייק פון 1910 האָבען זיי זיך אויסגעלערענט ווי אויפצוהאַלטען אַ יוניאָן.

***

פאַר דעם צוקינפטיגען געשיכטס־שרייבער פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטער־באַוועגונג וועט מעגליך פונקט אַזוי אויפגעהויבען ווערען די פראַגע וועמען עס קומט דער הויפּט קרעדיט פאַר דער איצטיגער נייער אויפלעבונג אין דער אינטערנעשאַנאַל. עס וועלען געוויס זיין באַרעכטיגט די דרעסמאַכער פון פילאַדעלפיאַ, וועלכע האָבען אין פאַריגען יאָהר דורכגעפיהרט אַזאַ זיגרייכען סטרייק, אַז זיי האָבען עס געגעבען דעם אימפּעט פאַר דער נייער, גרויסער, ברייטער קאַמפּס־באַוועגונג אין דער פרויען־קליידער אינדוסטריע. און דער זיגרייכער סטרייק אין פילאַדעלפיאַ איז דאָך פאַרגעקומען נאָך פאַר דער נ. ר. אַ. און פאַר די קאָודס. און איז דאָך די דרעסמאַכער יוניאָן, וואָס האָט געיאַרשענט די אַמאָליגע ווייסטמאַכער יוניאָן, די גרעסטע אָרגאַניזאַציע אין דער אינטערנעשאַנאַל.

אָבער מיר זיינען דאָ ניט אויסען צו מאַכען אַן אונטערזוכונג וועלכען טייל פון דער פרויען קליידער אינדוסטריע קומט די בכורה אין דעם אויפבוי פון דער אינטערנעשאַנאַל. וויכטיג איז, אַז זי איז אויפגעבויט געוואָרען און אַז זי פאַרנעמט היינט אַזאַ הויכען פּלאַץ אויבען אָן אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג. און ווען מיר קוקען היינט אַריין אין דער געשיכטע פון דער אינטערנעשאַנאַל איז עס בלויז פאַר דעם צוועק צו זעהן דעם ריזיגען פאָרטשריט וואָס זי האָט געמאַכט אין די דרייסיג און אַ האַלב צענדליג יאָהר פון איהר עקזיסטענץ און ווי זי האָט פאַרוואַנדעלט אַן אינדוסטריע, וואָס האָט געדינט פאַר אַ ביישפּיל צו מאָלען וואָס די סוועט שאַפּ סיסטעם שטעלט מיט זיך פאָר, אין אַן אינדוסטריע, וואָס איז אַ מוסטער פון פראָגרעסיווען טרייד יוניאָן קאָנטראָל. עס זיינען פאַראַן אין אַמעריקאַ גאַנץ ווייניג אינדוסטריען וואָס האָבען אַזאַ קורצען אַרבייטס־טאָג און אַזעלכע גינסטיגע אַרבייטס־באַדינגונגען, וואָס עקזיסטירען איצט אין דער פרויען־קליידער אינדוסטריע.

***

מיר ווילען זיכער ניט פאַרלייקענען דעם פאַקט, אַז די נ. ר. אַ. האָט אַ סך מיטגעהאָלפען אין דער איצטיגער אויפלעבונג פון דער אינטערנעשאַנאַל. עס וואָלט געווען אַ פאַרלייקענונג פון דעם ווערט פון סאָציאַלער געזעצגעבונג, ווען מיר וועלען זאָגען, אַז די נ. ר. אַ. האָט אונז גאָרנישט געגעבען. די אינטערנעשאַנאַל איז שטענדיג געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז געזעצען דאַרפען געשאַפען ווערען וואָס זאָלען העלפען די אַרבייטער אין זייער קאַמף פאַר אַ בעסערען און ליכטערען לעבען. און ווען די אינטערנעשאַנאַל האָט געפאָדערט פון קאָנגרעס סאָציאַלע געזעצגעבונג האָט זי געוואוסט, אַז די אַרבייטער קענען אין דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער

# לידער

### פון אברהם רייזען.

ספעציעל פאר דער „גערעכטיגקייט.“

## צום גרויסען ענדער

צום גרויסען ענדער
פון אַלע לענדער,
אין גאַנצער וועלט —
זאָל אויך זיך פלעכטען,
אין קאַמף גערעכטען,
דיין וואָרט בּאַהעלט.

אין דעם געוויטער
פון וועלטערציטער
פון קאַמף פאַר פריי —
דיין שטים זאָל קלינגען,
דיין ליד זאָל זינגען
אין צייטען ניי.

אין די געוועבען
פון נייעם לעבען,
אין אויפגאַנגס־רויט,
זאָל אויך דיין פאָדעם
מיט הייסען אָטעם
זיין איינגעדרעהט.

ווען מחותּנ׳ת־רייען,
די וועלט באַנייען,
זיך ציהען לאַנג,
זאָל דיר ניט אַרען
די קאַמפס געפאַהרען —
געהיימט און גאַנג!

## דער אַרבייטסלאָזער

(צייט בילד)

אין א דירה, אין דער הויף,
ניט געצאָהלט דעם רענט שוין לאַנג,
קינדער אין די ווינקלען — בלייך,
און די מוטער — מיד און באַנג.

און דער פאָטער — ערשט פאַרנאַכט
קומט פון גאַס אַהיים צוריק,
וואו און ווי דעם טאָג פאַרבראַכט —
דאָס דערצעהלט שוין אוים זיין בליק...

אויסגעשטאַנען נאָך פאַר פריה,
האָט געוואָלט דער ערשטער זיין,
ביי דער אַרבייט, ביי דער מיה,
און א צווייטער איז אַריין.

אומעטום געזוכט, געפרעגט,
און אָהן האָפענונג אַוועק;
צו זיין טיש, וואָס ניט געדעקט
פאַלט ער צו און קוקט מיט שרעק.

ווער נאָך קומען ווער צוגעהן
וואָס דערמוטיגט און באַפרייט? —
ניין, דער הויזווירט בלויז אַליין
קומט אַריין צו יעדער צייט...

## ניו יאָרק אין דער פריה.

עס איז שעהן אַזוי — זעהן אין דער פריה
ווען די גאַס ווערט דערוואַכט צו איהר מיה;
און פיי יונג, און פיי גרויס און פיי קליין
אַלע לאָזען זיך איינציגווייז געהן.

געהט א מיידעל אין מאַנטעל און הוט —
אויף איהר פנים דער חלום נאָך רוהט,
אויף די ליפען אַ שמייכעל זיך וויגט —
אָבער זי האָט זיי ביידען באַזיגט...

און עס זאָגט זי אַ צווייטע באַלד אַן,
האָט אַ שמייכעל א ליבען געטאָן,
און צורעדט זיך פון קליידער, פון הוט
און פאַרשוואונדען מיט איילִיגע טריט.

געהט אַ מאַן מיט א יונגען געזיכט —
אויף זיין פנים דאָך זאָרגען און פליכט:
ער דאַרף שפייזען אַ ווייב מיט אַ קינד —
זיינע טריט — אַזוי אייליג, געשווינד.

און אויך קינדערלעך — פלאַנטערדיט,
מיט די ליבע, די קליינינקע טריט;
און די מוטערס באַגלייטען ביים זייט —
אין דער שול — זיי צו מאַכען פאַר לייט...

## אַזוי פיל...

אַזוי פיל גערעדט און באַלערט,
אַזוי פיל געזונגען פון ליבע,
און הער, עס קלינגט ווידער מיט שווערד
און ווערטער — פאַרביטערטע, טריבע.

דאָך פאַל ניט אַראָפּ מיט דיין ליד,
און זאָל אויך דיין וואָרט איצט ניט שווייגען:
די בייזקייט איז אַלט שוין און מיד,
די ל י ב ע איז יונג און וועט שטייגען...

אויך געשטעלט גרויסע קולטורעלע און סאציאלע אויפגאבען.

די טוער און פיהרער פון ארבייטער רינג האבען זיך פארטראכט ניט נאר וועגן די דירעקטע מאטעריעלע בעדערפניסען, נאר וועגן די נויטען פון די אידישע ארבייטער. און ווען די אידישע ארבייטער־מאסען האבען זיך אונטערגענומען צו פארבעסערען זייער לאגע, אויפצוהויבען זייער עקאנאמישען מצב, איז גלייכצייטיג דער ארבייטער רינג געווארען א טייל פון אט דער טעטיגקייט. דער ארבייטער רינג האט זיך אריינגעווארפען מיט גרויס אימפעט אין דעם גרויסען קאמף, וואס איז אנגעפאנגען געווארען אויף דער אידישער גאס צו ארגאניזירען די אידישע ארבייטער אין יוניאנס, אין געווערקשאפטען; העלפען בויען די יוניאנס איז געווארען דער היילינגסטער סלאגאן ביי די ארבייטער רינג טוער.

און אזוי געפינען מיר דעם ארבייטער רינג אין אלע אונטערנעמונגען, וועלכע האבען געהאט דעם ציל צו גרינדען יוניאנס, צו פארשטארקען דעם ארבייטער־קלאס און העלפען איהם געווינען די הנחות, וואס ער האט געדארפט מיט אזוי פיל בלוט און ענערגיע ארויסרייסען פון די באלעבאטים.

דער ארבייטער רינג האט פארבונדען זיין גורל מיט דעם שיקזאל פון דער אידישער ארבייטער־באוועגונג. דער נאמען פון ארבייטער רינג איז צוזאמענגעבונדען מיט יעדען קאמף וואס די אידישע ארבייטער האבען געפיהרט דא אין אמעריקא.

די אידישע ארבייטער, וועלכע האבען מעהר פאר אלעמען געליטען דעם טעם פון דחקות, פון נויט, פון פארפאלגונגען, — אט די אידישע ארבייטער, וועלכע שטאמען איצט אין די יוניאנס, דארפען צו דער זעלבער צייט טראכטען, אז זייער פליכט איז אויך צו באלאנגען אין ארבייטער רינג, ווייל די יוניאנס מיט דעם ארבייטער רינג קענען בילדען אט די צוזאמענגעשמאלצענע, פאראייניגטע ארבייטער־באוועגונג, וועלכע וועט זיין די אנפיהרענדע און גייסטיגע קראפט אין דעם לעבען פון די אידישע ארבייטער.

די יוניאן איז די קראפט, די ארגאניזאציע, וועלכע דארף זיי באווארענען אין זייער עקאנאמישען לעבען און העלפען זיי קריגען בעסערע באדינגונגען פאר זייער ארבייט. פאראן אבער אנדערע באדערפענישען, ריין מאטעריעלע נויטען, מיט וועלכע די יוניאן קען זיך דירעקט ניט אפגעבען. די יוניאנס האבען זייערע ספעציעלע פונקציעס, און דער ארבייטער רינג האט, אויסער די קולטורעלע און גייסטיגע שטרעבונגען, זיינע ספעציפישע פונקציעס — נעגענזייטיגע הילף און וויכטיגע מאטעריעלע בענעפיטען, וואס דער ארבייטער קען קריגען פאר מיניטאלע צאהלונגען. און אט די בענעפיט קען מען קריגען נאר אין ארבייטער רינג.

קיין מענש איז ניט באווארענט פון קיין אומגליק, און קיין ארבייטער איז זיכער ניט גאראנטירט געגען קראנקהייטען. גראד דאן, ווען מען געפינט זיך אין א בעסערער לאגע, איז די צייט צו טראכטען וועגען דעם מארגען, וועגען באזארגען זיך און די פאמיליע. און באזארגען זיך און די פאמיליע אין פאל פון נויט קען מען נאר אין ארבייטער רינג. דעריבער מוז יעדער ארבייטער זיך אנשליסען אן דעם ארבייטער רינג".

מיר האבען צו דעם אויפרוף גארנישט וואס צוצוגעבען. מיר קענען בלויז זאגען: פאלגט דעם אויפרוף און טוט וואס ער פארלאנגט פון אייך.

## די מייסטער־בויער פון דער אינטערנעשאנעל

אין בויען די אינטערנעשאנעל האבען זיך באטייליגט א סך מעהר פערזאנען, ווי די, וועגען וועלכע עס ווערט געשריבען אין דעם נומער „גערעכטיגקייט". עס האבען אנטייל גענומען אין בויען די אינטערנעשאנעל אלע סאציאליסטישע טוער פון פארשידענע שאטירונגען פון יענער צייט. די אידישע טרעיד יוניאן באוועגונג איז אין יענער צייט ניט געווען אפגעטיילט פון דער סאציאליסטישער באוועגונג און יעדער סאציאליסטישער טוער האט ניט נאר געהאלטען פאר זיין פליכט צו העלפען די ארבייטער זיך ארגאניזירען אין יוניאנס, נאר זיי האבען עס באטראכט פאר זייער וויכטיגסטער ארבייט. און ווען מען לייענט דעריבער די געשיכטע פון דער אינטערנעשאנעל, ווי זי איז געגרינדעט און געשאפען געווארען, געפינען מיר ניט נאר אלע נעמען פון די סאציאליסטישע און אנארכיסטישע פיהרער פון יענער צייט, נאר מיר געפינען אויך, אז די אלע קאמפען צווישען סאציאליסטען און אנארכיסטען און צווישען די פארשידענע ריכטונגען אין דער סאציאליסטישער באוועגונג, זיינען אויך אריבערגעטראגען געווארען אין די אידישע יוניאנס. מיר האבען דעריבער געוויס געדארפט דערמאנען אזעלכע נעמען ווי פייגענבוים, זאמעטקין, מילער, ווינטשעווסקי, יצחק אייזיק הורוויטש און געוויס אזעלכע נעמען ווי ב. וויינשטיין, מאקס פיין, אברהם ביזנא און אנדערע, וועלכע האבען זיך ספעציעל אפגעגעבען מיט דער טרעיד יוניאן באוועגונג און האבען פיל מיטגעהאלפען אין דער גרינדונג און בויאונג פון דער אינטערנעשאנעל. אבער מיר זיינען דא ניט אויסען געוועזען צו שרייבען די געשיכטע פון דער אינטערנעשאנעל. אזא געשיכטע איז שוין געשריבען געווארען און אלע נעמען פון די פערזאנען, וואס האבען זיך באטייליגט אין איהר שאפונג זיינען דארטען פארצייכענט. אין דעם באשרענקטען פלאץ, וואס מיר האבען אין דעם יובילעאום נומער „גערעכטיגקייט", האבען מיר געקענט אויסקלייבען, ווי מען קען עס רופען בלויז די מייסטער־בויער, און פון די, וואס האבען זיך גאנץ באזונדערס אויסגעצייכענט מיט זייערע לייסטונגען פאר דער אינטערנעשאנעל און האבען איהר געהאלפען מאכען דאס וואס זי איז היינט.




— „וואס פאר א שיינע, וואונדערליכע וועלט!"
גערשמייכעלט האט א בלימעלע אין פעלד
צו די פרימארגענדיגע שטראלען;
„ווי שעהן, ווי ליכטיג איז ארום,
און פויגעלאך אזויפיל זינגען אומעטום!"

— „וואס האט דיך, נאריש קווייטעל, אזא פרייד באפאלען?"
באמערקט האט שטיל דאס ווינטעל פראנק און פריי,
אין שטילען אומעט שוועבענדיג פארביי,
„קאן זיין, אז איידער דו וועסט נאך פארוויאנעט ווערן
וועט דיך א בהמה איינשלינגען אין גוטען מוט"...

— „קאן זיין," — געענטפערט האט דאס בלימעלע
דורך טרערען,
„נאר ווי קאן איך פון שפעטער קלערען,
אז מיר איז איצטער אזוי גוט"...

געזעלשאפט אין בעסטען פאל קריגען בלויז א טייל פון זייערע פאדערונגען. אבער ווען מען האט דעם טייל נעקראגען, ווי קליין ער זאל ניט זיין, דארף מען ניט פארליוקענען זיין ווערט. אין געגענטייל. מען דארף אנווייזען, אז עס האט יא א ווערט און דעריבער דארף מען פאדערען מעהר און מעהר. און אט אזוי דארף באטראכט ווערען די נ. ר. א. א גרויסער טייל פון די אמעריקאנער ארבייטער האבען פון דעם נ. ר. א. עפעס יא געוואונען. און מאנכע אינדוסטריען זיינען די געווינסען געווען גרעסערע, אין מאנכע קלענער. און מיר זיינען צופרידען צו זאגען, אז די פרויען קליידער אינדוסטריע באלאנגט צו די געוויסע אינדוסטריען, וואו די געווינסען זיינען געווען גרעסער. אבער פארוואס איז עס די פרויען קליידער אינדוסטריע געווען איינע פון די אויסערוועהלטע, וואס האבען געוואונען מעהר?

די אינטערנעשאנאל האט געקראגען די בעסטע קאודס. אבער האט זי עס געקראגען דערפאר, וואס זי האט שעהנע אויגען אדער ווייל אימיצער האט איהר געוואלט געבען א מתנה צו איהר יובילעאום? אונטער דער נ. ר. א. זיינען ארויסגעגעבען געווארען ערגערע קאודס און בעסערע. איז עס געווען בלויז א צופאל, וואס אויף דעם חלק פון דער אינטערנעשאנאל זיינען אויסגעפאלען די בעסטע קאודס? עס וועט ניט זיין קיין באריטעריי פון דער אינטערנעשאנאל, ווען זי וועט זאגען, אז עס זיינען געווען איהרע אנשטרענגונגען, איהר האלטען איהרע מיטגלידער שטענדיג גרייט צום קאמף, וואס האט געפיהרט דערצו, אז זי זאל קריגען בעסערע קאודס. און עס איז געווען דערפאר, וואס די אינטערנעשאנאל איז געשטאנען אויף דער וואך און האט אויסגענוצט דעם גינסטיגען מאמענט, וואס די נ. ר. א. האט געשאפען.

אט דער פאקט, אז די אינטערנעשאנאל איז געשטאנען אויף דער וואך און האט אנגעשטרענגט אלע איהרע כחות, וואס זי האט נאר געקענט זאמלען, אויסצונוצען דעם גינסטיגען מאמענט, וואס די נ. ר. א. האט געשאפען, איז אנגעוויזען געווארען אין מעהרער פאליטיש־עקאנאמישע ארטיקלען אין פארשיידענע אמעריקאנער צייטונגען און זשורנאלען. עס איז אנגעוויזען געווארען ווי אזוי די אינטערנעשאנאל האט אויסגענוצט דעם גינסטיגען מאמענט צו ארגאניזירען אין אזא גרויסער מאס די פרויען־קליידער אינדוסטריע איבער׳ן גאנצען לאנד און אזוי שטארק פארבעסערען די ארבייטס־באדינגונגען און אזוי באדייטענד הויבען דעם ארבייטס־לוין אפילו אין די מעהר אפגעשטאנענע טיילען פון דער אינדוסטריע.

***

און מען דארף ניט פארגעסען און מען קען ניט פארגעסען, אז דאס לאנד געפינט זיך נאך אלץ אין די צוואנגען פון שווערען קריזיס. עלף מיליאן מענשען, וואס זוכען ארבייט, געהען נאך אלץ ארום לעדיג אין די גאסען. און דער גורל פון דעם ארבייטער אין שאפ איז שטארק פארבונדען מיט דעם גורל פון דעם ארבייטער אין גאס. איינער קען ניט שטעהן צו הויך, ווען דער צווייטער ליגט צו נידעריג. ווען עלף מיליאן מענשען האבען אין גאנצען נים וואו צו ארבייטען, קענען די איבעריגע, וואס האבען שוין וואו צו ארבייטען, ניט האבען קיין פולע הענד מיט ארבייט. ווען עלף מיליאן ארבייטען ניט מיינט עס, אז עס פעלען עלף מיליאן קויפער און צוזאמען מיט זייערע פאמיליעס באטרעפט זייער צאהל ארום פערציג מיליאן, נאהנט צו א דריטעל פון דער גאנצער אמעריקאנער באפעלקערונג. און ווען מיר נעמען אין באטראכט די איצטיגע שווערע צייט, אין וועלכער מיר לעבען, ווערט אין אונזערע אויגען נאך גרעסער און בולט׳ער דער פארשריט פון דער אינטערנעשאנאל און איהרע ערגבענגען פאר איהרע מיטגלידער.

די איצטיגע קאנווענשאן איז דעריבער ניט בלויז א יום טוב׳דיגע דערמיט, וואס די אינטערנעשאנאל פייערט איהר פינף־און־דרייסיג יעהריגען געבורטסטאג, נאר זי איז פיל מעהר א יום־טוב׳דיגע דערמיט, וואס צו איהר קומט די אינטערנעשאנאל מיט אזוי פיל גרויסע געווינען, אזוי פיל גרויסע זיגען און מיט אזא געהויבענער רעפוטאציע און אזוי פיל פראמינענץ ווי קיינמאל ניט אין איהר געשיכטע.

***

און עס איז אין פלאץ צו זאגען, אז ברודער ד. דובינסקי, דער פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל, מעג זיין שטאלץ דערמיט, וואס אונטער זיין פיהרערשאפט איז די יוניאן געווארען אזוי גרויס, אזוי שטארק און אזוי איינפלוסרייך. די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל ווייסען ווי אפצושאצען די ארבייט פון זייער פרעזידענט און זיי גיבען איהם די פולע אנערקענונג, וואס ער האט פארדינט.

---

## די אינטערנעשאנאל און דער ארבייטער רינג.

מיר ווילען דערמאנען די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל וועגען א רעזאלוציע וואס איז אנגענומען געווארען מיט צוויי יאהר צוריק אויף דער פילאדעלפיער קאנווענשאן וועגען ארבייטער רינג. אין דער רעזאלוציע רעקאמענדירט די קאנווענשאן צו די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל, אז זיי זאלען זיך אנשליסען אן דעם ארבייטער רינג, ווייל דאס איז אין זייערע אייגענע אינטערעסען. מיר דארפען ניט פרובירען טרעפען, אז אויך די קאנווענשאן אין שיקאגא וועט אננעמען אן עהנליכע רעזאלוציע. אבער רעזאלוציעס זיינען וויכטיג, ווען זיי ווערען אויסגעפיהרט. און דעריבער דערמאנען מיר עס. מיר וואלטען וועלען, אז די מיטגלידער זאלען פאלגען די רעקאמענדאציעס פון דער קאנווענשאן און אריינטרעטען אין די רייהען פון ארבייטער רינג, ווייל דאס איז ווירקליך דורכאויס אין זייערע אייגענע אינטערעסען.

מיר ווילען דא איבערגעבען אן אויפרוף, וואס דער ארבייטער רינג האט ארויסגעלאזען צו די אידישע ארבייטער:

„דער ארבייטער רינג איז ניט בלויז דער איינציגער ארבייטער־ארדען, וואס גיט פיל בענעפיטס פאר קליינע צאהלונגען, נאר ער איז אין דעם פרט אויך דער איינציגער ארדען אין אמעריקא. דורך זיין עקאנאמישער סיסטעם פון פארוואלטונג און הויפטזעכליך דורך זיין פרינציפ „איינער פאר אלע און אלע פאר איינעם” איז איהם געלונגען איינצופיהרען אזוי פיל פארשיידענארטיגע בענעפיטס, אין וועלכע די ארבייטער נויטיגען זיך, פאר אזא קליינעם פרייז.

דער ארבייטער רינג איז אבער ניט בלויז א פארזיכערונגס־ארדען, וואס זיין אויפגאבע איז נאר צו צאהלען בענעפיטס, — ער האט זיך אויסער די בענעפיטס

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
International Ladies' Garment Workers' Union

Office of Publication:
76 Montgomery St., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. CHelsea 3-2148

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XVI. No. 5. 200 May-June, 1934

Entered as Second Class matter, August 7, 1923 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919

שמועס וועגן קלאוקס און פראטאקאל זיך מוזען אומקערען צוריק צום אנפאנג, צו דער אורזאך פון אלע טראבעלס, אז די ארבייטער ווערען אפגענארט און באשווינדעלט אין שאפ, אז דער פראטאקאל ווערט פון די באלעבאטים ניט אפגעהיט און אז די באנדעלס קייקלען זיך פון די אינסייד שעפער אין די אוטסייד שעפער. און ווען ביזנא פלעגט אנפאנגען ריידען וועגען דעם קייקלען זיך פון די באנדעלס האט ער אייך געמאלען א לעבעדיגען בילד און איהר האט איינפאך געזעהן בחוש ווי די באנדלאך געשניטענע קלאוקס קייקלען זיך ארוים ערגעץ דורך א הינטער-טיר פון אן אינסייד שאפ און קייקלען זיך אוועק העט ווייט ערגעץ אין אן אוטסייד שאפ אין ברוקלין אדער גאר אין א שטעדטעל אין ניו דזשוירזי, און ווי אזוי די ארבייטער פון דעם אינסייד שאפ וואס האבען געסטעלט די פרייזען פון די באנדלאך, זיינען געבליבען אפגענארטע, אנטוישטע — זיי האבען געטראגען די פרייזען, אבער די באנדלאך זיינען פארשוואונדען.

ביזנא איז געווען א מעסיגער סאציאליסט און א קאנסערוואטיווער טרייד יוניאן מאן, ווען ער איז געקומען אין ניו יארק צו דער קלאוקמאכער יוניאן, אבער דער פראטאקאל האט איהם פאר א רעוואלוציאנער געמאכט. אייגענטליך איז עס פונקט אזוי געווען מיט פראפעסאר יצחק אייזיק הורוויטש, וואס האט שפעטער פארנומען ביזנא'ס פלאץ. און אויב מעסיגע סאציאליסטען און קאנסערוואטיווע טרייד יוניאניסטען זיינען אונטער דער ווירקונג פון פראטאקאל, ווי ער האט געארבייט, געווארען רעוואלוציאנער, האב איך זיכער ניט געקענט ווערען מעסיג און קאנסערוואטיוו אונטער דער ווירקונג פון פראטאקאל. איך בין נאך דעמאלט געווען ניט לאנג פון אייראפא מיט נאך א פרישען באגאזש בונדיזם און אייראפעישען סאציאליסטישען טרייד יוניאניזם. דערצו איז גענוג געווען פאר איינעם אפצוזעצן עטליכע שבתים אויף די מיטינגען פון דזשאינט באארד פון דער קלאוקמאכער יוניאן, וועלכע פלעגען זיך אנפאנגען ארום 4 אזייגער נאכמיטאג און פלעגען זיך ענדיגען ארום 12 אזייגער ביינאכט און אפט אויך שפעטער, אז ער זאל ווערען א רעוואלוציאנער.

די מיטינגען פון דזשאינט באארד זיינען שטענדיג געווען שטורמדיגע. יעדער מיטינג פון דזשאינט באארד איז געווען א פראטעסט-מיטינג נעגען דעם ווי עס ארבייט דער פראטאקאל. אנפאנגען פלעגט געוויינליך לאקאל 1, נאכדעם פלעגט קומען לאקאל 9, לאקאל 23 א. אז. וו. נאר אין דער צייט וואס לאקאל 1 פלעגט האבען טענות, וואס דער פראטאקאל ארבייט ניט ווי געהעריג און וואס די באנדלאך קייקלען זיך ערגעץ וואו אוועק, פלעגט לאקאל 9 האבען א דאפעלטע טענה. די ערשטע איז געווען געגען דער מאשינערי פון פראטאקאל און די צווייטע איז געווען נעגען לאקאל 1. צווישען לאקאל 9 און לאקאל 1 איז געווען דעמאלט זעהר א שלעכט לעבען. ערשטענס, האט לאקאל 9 געהאט א טענה, אז ביים סעטלען פרייזען נעמען די אפערייטארס אראפ פאר זיך די סמעטענע און פאר די פינישער לאזן זיי איבער די זויער-מילך. צווייטענס, איז עס דעמאלט געווען א מעשה מיט „אויסגענעהטע ארבייט". עס האט געהייסען, אז די אפערייטארס האבען אנגעפאנגען איינגעהען דעם אונטערשלאק מיט דער מאשין אנשטאט עס צו לאזען פאר די פינישער איינצונעהען מיט דער האנט, ווי עס האט זיך אלעמאל געפיהרט. אבער די טענות פון די פינישער געגען די אפערייטארס זיינען בלויז געווען א צוגאב צו מאכען די מיטינגען פון דזשאינט באארד צייטענווייז נאך שטורמדיגער ווי שטענדיג. דער עיקר שטורם און דער שטענדיגער שטורם האט געבושעוועט ארום פראטאקאל. קאמיטעס פון שעפער, גאנצע שעפער, קלאגען פון איין שאפ געגען צווייטען, קלאגען וועגען סעטלען פרייזען, וועגען ארויסגעקייקעלטע באנדלאך, וועגען אפגעזאגטע ארבייטער, וועגען שלעכטע סאניטארע באדינגונגען און וועגען וואס ניט. יעדער מיטינג פון דזשאינט באארד איז געווען א הייסע שטיק קלאסען-קאמף.

פארשטעהט איהר דאך שוין, אז די „נייע פאסט", וואס האט געדארפט אפשפיגלען און באלייכטען וואס עס טוט זיך אין דער יוניאן, האט אין זיך נעהאט א רעכט ביסעל רעוואלוציע, אפט גאנץ הייסע רעוואלוציע.

***

די „נייע פאסט" פלעגט ארויסגעגעבען ווערען אין א גרויסען צייטונגס-פארמאט אין 8 זייטען און זי פלעגט געלייענט ווערען ניט בלויז פון קלאוק מאכער, נאר אויך פון ארבייטער פון אנדערע טריידס. זי איז געווען אין יענער צייט די גרעסטע אידישע טרעיד-יוניאן צייטונג. זי האט געהאט נייעס און ארטיקלען ניט בלויז וועגען דער אמעריקאנער און אויסלענדישער טרייד-יוניאן באוועגונג, נאר וועגען דער ארבייטער באוועגונג אין אלגעמיין. און א צייטונג וואס ווערט געלייענט האט אן איינפלוס. אבער ניט אלעמאל איז דאס א מעלה. עס איז א מעלה ווען דער איינפלוס איז צום גוטען. עס איז אבער גאר קיין מעלה ניט ווען דער איינפלוס איז צום שלעכטען. און עס זיינען געווען מיינונגען, אז עס איז צום שלעכטען. די מיינונג איז זעהר שטארק געשטיצט געווארען פון דעם אפיס פון דער אינטערנעשאנאל. מאנכעס מאל איז זי ארויסגעזאגט געווארען גאנץ שארף און קלאר אין דעם מאנאטליכען זשורנאל „לידיס גארמענט וואירקער", וואס די אינטערנעשאנאל האט דעמאלט ארויסגעגעבען. באזונדערס שארף איז די „נייע פאסט" און איהר רעדאקטאר אנגעגריפען געווארען פון דעם אפיס פון דער אינטערנעשאנאל, ווען עס איז אין דער „נייער פאסט" ערשינען א לייט-ארטיקעל אונטער דעם נאמען „לא תגנב", וואס האט ארויסגערופען א שטורם פון פראטעסטען ביי די מאנופעקטשורערס און האט אפילו געפירט דערצו, אז דזשאהן דייטש, דער דזשענעראל סעקרעטאר-טרעזשורער פון דער אינטערנעשאנאל זאל שיקען א בריף צו דער פראטעקטיוו אסאסיאיישאן פון די מאנופעקטשורער, אין וועלכען ער האט, בעטענדיג אנטשולדיגונג פאר דעם לייט-ארטיקעל, גאנץ שמארק אריינגעפארען די „נייע פאסט" מיט איר רעדאקטאר. דייטשעס בריף האט ווידער ארויסגערופען א שטורם פון פראטעסטען ביים דזשאינט באארד.

ווי איהר זעהט האב איך נעהאט א גרונט פאר דעם, וואס איך האב געזאגט, אז עס איז געווען א צייט, ווען איך האב די אינטערנעשאנאל פארשאפט א רעכט ביסעל טראבעל.

אבער מיט דעם „לא תגנב" אליין האבען זיך נאך די טראבעלס ניט געענדיגט.

אייגענטליך איז דער „לא תגנב" געווען א גאנץ לעגיטימער לייט-ארטיקעל אין א טרייד-יוניאן צייטונג. אין איהם האט זיך גערעדט ווי אזוי די מאנופעקטשורער בא'גנב'ענען דעם פראטאקאל און גיבען ניט די ארבייטער וואס זיי קומט. אמת, עס זיינען דארטען געווען עטלאכע הארבע ווערטער, אבער מאיר לאנדאן האט מיר שפעטער אויסגעזאגט א סוד, אז ער האט שטארק הנאה געהאט ווען ער האט געלייענט דעם לייט-ארטיקעל, ווייל די מאנופעקטשורערס האבען מיט זייערע פירונגען פארדינט. אז מען זאל זיי זאגען וואס זיי זיינען, אבער אזוי ווי דער פראטאקאל האט דאך איינגעשטעלט דיפלאמאטישע באציאונגען צווישען דער יוניאן און דער מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן מיט אמבאסאדארס א. א. וו., דארף מען זיך פיהרען דיפלאמאטיש. נאר, אז עס איז אפגעטאן געווארען זאל זיין צו רפואה.

א סך מעהר טראבעל איז געקומען שפעטער, ווען פראפעסאר יצחק אייזיק הורוויטש האט פארנומען ביזנא'ס פלאץ.

***

פראפעסאר הורוויטש איז אנגעשטעלט געווארען פאר דעם טשיף קלוירק פון דער קלאוקמאכער יוניאן אויף דער רעקאמענדאציע פון דער אינטערנעשאנאל. דער חשבון איז געווען, אז הורוויטש איז א געמעסיגטער סאציאליסט, ניט קיין רעוואלוציאנער, און דערצו א לאיער, עס הייסט א מענש, וואס איז, לויט זיין פראפעסיע איינגעוואוינט צו

# פון צייט צו צייט

## פון צביון

איך בין נאך ניט געווען אין אמעריקא, ווען די אינטערנעשאנאל איז געגרינדעט געווארען. איך האב נאך דעמאלט אפילו ניט גע'חלום'ט, אז איך וועל ווען עס איז זיין אין אמעריקא. איך האב אין יענער צייט געהאט גאנץ אנדערע חלומות. אגב האט מען געדארפט אונטערהעלפען מאכען די רעוואלוציע אין רוסלאנד און דאס איז געווען אן אינטערעסאנטע ארבייט. באזונדערס פאר דער יוגענד, צו וועלכער איך האב דעמאלט נאך באלאנגט.

ניין, איך קען זיך ניט באריהמען אז איך האב געהאלפען בויען די אינטערנעשאנאל. איך קען זיך אפילו ניט בארימען, אז איך האב געהאלפען בויען די קלאוקמאכער יוניאן אין דעם גרויסען סטרייק פון 1910, הגם אך בין שוין דעמאלט געווען אין אמעריקא און האב שוין אנגעפאנגען פרובירען איבערמאכען די ארבייטער באוועגונג אין אמעריקא נאך מיין געשמאק. א זאך, וואס האט זיך מיר ביז היינטיגען טאג ניט איינגעגעבען. נאר וואס איז שייך צו דעם קלאוקמאכער-סטרייק קען איך אפשר זאגען, אז איך האב אין זיין ערפאלג יא געהאט א שטיקעל חלק. שייך האבען זיך ניט געפונען צווישען די סטרייקענדע קלאוקמאכער עטליכע בונדיסטען, וועלכע זיינען געווען מיינע דירעקטע אדער אינדירעקטע תלמידים פון הער אלטער היים? א פאר אזעלכע האב איך דאכט זיך אליין דא באגעגנט. און האט דאך דער „בונד" און די רעוואלוציאנערע און סאציאליסטישע ערציהונג, וואס ער האט די אידישע ארבייטער געגעבען אין דער אלטער היים געהאט א גאנץ גרויסען חלק אין דעם ערפאלג פון דעם גרויסען קלאוקמאכער סטרייק פון וועלכען עס איז דעמאלט ארויסגעוואקסען אזא גרויסע און שטארקע קלאוקמאכער יוניאן.

נאר אויב איך האב ניט געהאט קיין חלק אין בויען די אינטערנעשאנאל, האב איך דאך פאר דער צייט, וואס איך בין אין אמעריקא, זיך א רעכט ביסעל געפלאנטערט אונטער איהרע פיס, און געווען א צייט, וואס איך האב איהר אויך פארשאפט א רעכט ביסעל טראבעל. דאס איז געווען, ווען איך בין געווען דער רעדאקטאר פון דער „נייער פאסט", די וועכענטליכע צייטונג פון דער קלאוקמאכער יוניאן.

***

איך ווייס ניט ווארום מען האט מיך אויסגעקליבען פאר דעם רעדאקטאר פון דער „נייער פאסט". איך ווייס בלויז, אז אין מיטען זומער פון 1912 איז אין א העלען פריהמארגען אדער אין א רעגנדען אווענט — איך געדענק ניט גענוי — צו מיר געקומען דזשארדזש ווישניאק און האט מיך געפרעגט, אויב איך האב חשק צו ווערען א רעדאקטאר ביי די קלאוקמאכער.

מיט ווישניאק'ן בין איך באקאנט געווארען, ווען ער איז געווען דער מענעדזשער פון דער שוין לאנג פארשטארבענער וועכענטליכער צייטונג „דער ארבייטער", וואס איז ארויסגעגעבען געווארען פון דער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי (ס. ל. פ.) אונטער דער רעדאקציע פון הוד פינסקי און יוסף שלאסבערג. איך פלעג איהם טרעפען גאנץ אפט אין די געגענדען פון קאנעל סטריט און איסט בראדוויי אונטער דעם שטענדיגען פראגעצייכען — מיט וואס ניט מען ארויס דעם נעקסטען נומער? פון צייט צו צייט פלעגט זיך איהם אויך איינגעבען צו קריגען פון מיר אן ארטיקעל פאר דער צייטונג, צוזאגענדיג מיר א שטיק עולם הבא, אדער א ברכה פון זיין רבי'ן דעניעל דעליאן. אז ווישניאק האט אויך א שייכות צו קלאוקמאכער האב איך דעמאלט ניט געוואוסט. ערשט שפעטער, ווען איך בין שוין געווארען דער רעדאקטאר פון דער „נייער פאסט", האב איך זיך דערוואוסט, אז ווישניאק איז געווען א סקווירט-מאכער אידער ער איז געווארען דער מענעדזשער פון אזא „ערפאלגרייכער" אונטערנעמונג ווי „דער ארבייטער" און אז דורך דעם סטרייק פון 1910 איז ער געווארען איינער פון די פיהרער פון דער קלאוקמאכער יוניאן.

***

מיינע לומדות אין קלאוקמאכעריי און אין דער נאדעל אינדוסטריע אין אלגעמיין זיינען געווען גאנץ קליינע, ווען איך בין געווארען דער רעדאקטאר פון דער „נייער פאסט". איך האב זיך העכסטענס געקענט באריהמען, אז איך ווייס ווי איינצונעהען א קנעפעל, אבער דאס איז געווען צו ווייניג פאר א רעדאקטאר פון קלאוקמאכער, בפרט נאך אין יענער צייט ווען קלאוקמאכעריי איז געווען א גרויסע, ברייטע, טיפע תורה און פול מיט פראבלעמען. עס איז געווען אין מיטען ברען פון באקאנטען פראטאקאל און פון אברהם ביזנא.

דער פראטאקאל גופא האט מיר קיין שוועריגקייטען ניט געמאכט. עס איז געווען א פאפיר וואס מען האט געקענט דורכלייענען און געדענקען. שווער איז אבער געווען ארום פראטאקאל און די תורה וואס אברהם ביזנא האט געלערנט פון פראטאקאל.

אברהם ביזנא איז געווען איינער פון די מערקווירדיגסטע מענשען, וואס די אידישע ארבייטער באוועגונג האט ארויסגעגעבען אין אמעריקא. ער איז געבאדען געווארען צו זיין א פראפעסאר אין אן אוניווערזיטעט, אבער דער מזל זיינער האט געוואלט, אז ער זאל ווערען א קלאוקמאכער.

ווען ביזנא וואלט געבארען געווארען ביי עלטערען וואס וואלטען איהם געקענט געבען א מעהה אדער ווייניגער נארמאלע ערציהונג, וואלט פון איהם זיכער אויסגעוואקסען א פראפעסאר פון פאליטישער עקאנאמיע אדער פון סאציאלאגיע. ער האט געהאט א טיף-דענקענדען און פיין-אנאליטישען מח. ער איז געווען ניט קיין שנעלער דענקער, אבער א גרינדליכער. ער פלעגט אפט גאר שווער הארעווען אויף א געדאנק. מאנכעס מאל פלעגט מען איינפאך קענען זעהן אויף זיין געזיכט, אויף זיין שטערן ווי אזוי ער ארבייט אויף א געדאנק. אבער האט ער דורכגעטראכט א געדאנק איז ער געווען גרינדליך, אלזייטיג און ווען ער פלעגט איהם ארויסזאגען איז עס געווען א לעקציע פון א פראפעסאר. און ער האט אויך געהאט אין זיך די באקאנטע פראפעסארישע צוטראגעניגקייט, אפגעלאזענקייט, פארגעסענקייט און צושטרייטקייט, וואס מען געפינט אין די וויץ-בלעטער ווען מען מאלט דארטען א פראפעסאר.

פון אברהם ביזנא, וועלכער איז דעמאלט געווען דער משיח קלויירס פון דער קלאוקמאכער יוניאן, האב איך א סך געלערנט וועגען קלאוקמאכעריי. מיר פלעגען זיך אפט טרעפען און שמועסען וועגען פארשידענע זאכען אין וועלכע מיר פלעגען מיסטענס ניט איינשטימען. נאר א גרויסער טייל פון אלע שמועסען פלעגען פארנעמען קלאוקס און ווי אזוי דער פראטאקאל ארבייט. ווען עס פלעגט קומען צו קלאוקס און צום פראטאקאל פליגט ביזנא זיין שמועס געווענליך אנפאנגען פון מיטען, ווי א פארטזעצונג פון א פריהערדיגען שמועס. און עס האט ביזנא'ן ניט אויסגעמאכט, וואס דעם פריהערדיגען שמועס האט ער גאר געהאט מיט אן אנדערען אדער מיט זיך אליין און אוהר ווייסט גארנים וועגען וואס עס האנדעלט זיך. דער עיקר איז געווען, אז ער האט געוואוסט. נאר עס האט ניט אויסגעמאכט. ענדליך פלעגט דאך יעדער

# די שעפער שליסען זיך

פון ה. לייוויק

אויסצוג פון א פאעמע.

— — דער טאג פארגייט, און די שעפער זיך שליסען,
מיר שיטען אלע ווי מוראשקעס זיך ארויס,
די לאמטערנעס מיט אויגען אונז באגריסען,
און די באנען נעמען אונז פירען צו הויז.

מחנות, מחנות איבער עוועניוס און סקווערען,
אין די הערצער אזא יום־טוב׳דיקע אנגסט:
ס׳איז נאך נים געווארען דאס, וואס עס דארף ווערען,
ס׳איז נאך נים געקומען דאס, וואס דו פארלאנגסט.

און עפעס קלאגט אין דיר מיט קלאג פון א חיה,
און עפעס זינגט אין דיר א געזאנג פון א גאט,
ווי צו א חתונה אינאיינעם מיט א לויה —
גייען די ארבייטער איבער דער אוועניקער שטאט.

ס׳פליען מויערן ביז צום הימעל פארריסען,
ארומגעשטראלט מיט א פייערדיקער ראד;
ניו יארק׳ס גאלד — אבער נים ניו יארק׳ס געוויסען,
און אויך נים פון איר שיינקייט דער סוד.

צו דערזען ניו יארק׳ס סוד און געוויסען
דארף מען נים הייבען צום הימעל די קעפ, —
מען דארף נים שליסען קיין שלעסער און פארשליסען,
נאר ארונטערלאזן זיך אין ק ע ל ע ר ס איבער טרעפ.

ד א ר ט איז סוד, אבער אייביק אפען, —
און ווי כשוף ציט עס מיך אהין,
אין די קעלערס אריין, צו קומען האפען
און אויסחלומען דאס וואס איך בין,

און פארערען פון זיך און מאנען
און איבערשאץ פון מיין גאנצען פארמעגען;
אין קעלער אריין צו קומען זיך דערמאנען
און דער ריינקייט פון מיינע קינדערישע טעג.

און דעם צאפל און הייליקייט פון ווערטער,
און דער גבורה פון צארן און געבעט,
און דער וואגונג צו וועלן זיין א באשערטער,
און מיין אינגלשדיקן טרוים וועגן פאעט.

איך לאז זיך אראפ אין די אָרימסטע לעכער,
די ריחות פון נויט גיבן אויף מיר א שטראם,
איך טרינק זיך אן, ווי מיט געטראנק פון א בעכער,
ביז איך ווער פול מיט זיי ווי א שוואם.

עס נעמען מיך האלדזען הענט געגארטע,
עס אטעמט אויף מיר א פיבערדיקע לונג,
און ווערטער מיינע הייסע, צארטע
ווערען נאך צארטער אויף א צווייטער צונג.

איך לאז זיך האלדזן, איך שטעל זיך נים געגען, —
אזא ליכט איבער אלץ גיים אויף;
און מיט קרשנע, ווי מיט א זודיגען רעגען,
דעק איך צו דעם פארהונגערטען גוף. — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — אמעריקע, איך גיב דיר נים אן אין יחוס
נים רייכקייט און נים שוואונג פון פוסטיק שטאק; —
עס לעבט נאך אלץ אין אונז פריש די היילינע שליחות
אין א זאטער וועלט זיין דער א ו מ ר ו י ־ ג ל א ק...

מאכען פשרות און זיין צופרידען בעסער מיט א האלבען לעבעל ברויט אין דער האנט, אנשטאט א גאנצען לעבעל אויפ'ן דאך.

עס האט זיך אבער גיך ארויסגעוויזען, אז עס איז געווען א פאלשע אפשאצונג און אז יצחק אייזיק איז אין דער יוניאן געווארען נאך א גרעסערער רעוואלוציאנער, ווי ביזנא. און דאס וואס ער איז געווען א לאיער, איז גראד אין דעם פאל געווען מעהר חסרון ווי מעלה.

דער אונטערשייד צווישען אברהם ביזנא און פראפעסאר הורוויטש אין זייערע באציאונגען צום פראטאקאל איז באשטאנען אין דעם, וואס דער ערשטער איז צוגעגאנגען צו איהם ווי א קלאוקמאכער און דער צווייטער ווי א לאיער. ביזנא האט געזוכט די באנדלאך און א גוט באצאלטע וואך ארבייט פאר די קלאוקמאכער אין שאפ, בעת הורוויטש האט געזוכט די רעכטען פון די קלאוקמאכער אין שאפ. ביזנא האט געשריען, אז די מאנופעקטשורערס נעמען אוועק די באנדלאך פון די קלאוקמאכער אין די פראטאקאל-שעפער און הורוויטש האט געשריען, אז די באלעבאטים בארויבען די קלאוקמאכער פון זייערע רעכטען, וואס דער פראטאקאל גיט זיי. ביזנא האט געזוכט צו געווינען דורך דער יוניאן און די קלאוקמאכער אין די שעפער צו צווינגען די באלעבאטים אפצוהיטען דעם פראטאקאל און ניט לאזען די באנדלאך זיך ארויסטליבען פון זייערע שעפער נאכדעם, ווי מען האט געשטעלט פרייזען. הורוויטש, אבער, האט געזוכט צו ענדערען דעם פראטאקאל. ער האט אין דעם פראטאקאל ניט געפונען קיין גענוג זיכערקייט פאר די רעכטען פון די ארבייטער אין שאפ. ער האט געפאדערט, אז דער גאנצער אפאראט פון פארטיילען גערעכטיגקייט צו די ארבייטער, וואס דער פראטאקאל האט געשאפען, דארף געענדערט ווערען. און הורוויטש איז געווען א קעמפער. ער האט טאקע געקענט איינגעהן אויף דער פשרה, אז עס איז בעסער א האלבער לעבעל ברויט אין האנט איידער א גאנצער לעבעל אויפ'ן דאך, אבער ער האט דעם האלבען לעבעל, אויף וועלכען ער איז איינגעגאנגען, געוואלט טאקע האבען אין דער האנד און ניט בלויז ערגעץ פארשריבען אין א פאפיר.

איך בין אין מאנכע פראגען ניט געווען איינשטימיג מיט הורוויטשען. ער איז געווען צו לאיעריש, צו יורידיש, אויב מען קען אזוי זאגען, אין דעם צוגאנג צו די פראבלעמען פון די קלאוקמאכער, וואס דער פראטאקאל האט ארויסגערופען. עס איז געווען נויטיג א קאמבינאציע פון ביזנא און הורוויטש. איך מיין א קאמבינאציע פון ביידענס מעלות אהן ביידענס חסרונות. אבער איך גלויב ניט, אויב אויך דאס וואלט געהאלפען אין יענער צייט אונטער דעם פראטאקאל. אבער דאס איז אן אנדער פראגע. מיט די גרונד טענות, וואס הורוויטש האט געהאט געגען פראטאקאל און ווי ער האט געארבייט, בין איך געווען איינפארשטאנען און האב זיי געשטיצט אין דער „נייער פאסט". און אז עס איז געווען א סך טראבעל, דארף איך דאך ניט דערצעהלען. וועלכער קלאוקמאכער ווייס ניט דעם קאפיטעל הורוויטש אין דער געשיכטע פון דער קלאוקמאכער יוניאן? אדער ער האט עס אליין איבערגעלעבט, אדער ער האט עס געהערט דערצעהלען.

ווי איהר זעהט, קען איך בלויז דערצעהלען וועגען מיין חלק אין די טראבעלס, וואס די אינטערנעשאנאל האט געהאט, און איך האב טאקע דערפאר זוכה געווען, אז אין דעם באריכט פון דער אינטערנעשאנאל צו איהר קאנווענשאן אין קליוולאנד אין 1914 איז פאראן וועגען מיין טעטיגקייט א ספעציעלער קאפיטעל, וואס פארנעמט מעהרערע זייטען.

* * *

ווען וואך־ארבייט אין קלאוק טרייד וואלט ניט אפגעשאפט געווארען ניט לאנג צוריק, וואלט איך זיך כמעט געקענט באריהמען, אז איך האב כמעט א שטיקעל חלק וואס וואך־ארבייט איז איינגעפיהרט געווארען. דערמיט וואס איך האב אנגעפאנגען פיהרען פאר דעם אן אגיטאציע אין דער „נייער פאסט".

אין יענער צייט, עס הייסט אין 1912, איז דאס געווען זעהר פיל געוואגט, ווייל ניט נאר זיינען די אפערייטארס דעמאלט געווען געגען וואך־ארבייט, נאר אויך די פינישערס. אויך ב. שלעזינגער, וועלכער פלעגט מאנכעסמאל קומען צו די מיטינגען פון דזשאינט באארד, ווען עס פלעגט זיך איהם, זיצענדיג אין ביזנעס אפיס פון „פארווערטס", פארבענקען נאך אביסעל קלאוקמאכער לופט, איז געווען א שטארקער געגנער פון וואך־ארבייט. ער איז איינמאל אפגעזעסען מיט מיר, נאך א מיטינג פון דזשאינט באארד, ביז'ן גרויסען טאג אריין און ער האט מיר געגעבען אלע מעגליכע ארגומענטען מיך צו איבערצייגען, אז וואך־ארבייט טויג ניט פאר די קלאוקמאכער און עס איז בלויז דערפאר וואס איך בין קיינמאל קיין קלאוקמאכער ניט געווען האט מיר געקענט איינפאלען אזא געדאנק, אז מען דארף איבערבייטען די סיסטעם פון שטיק־ארבייט אויף וואך־ארבייט.

עס קען זיין, אז טאקע ווייל איך בין קיינמאל קיין קלאוקמאכער ניט געווען, האבען מיר דעמאלט שלעזינגער'ס ארגומענטען ניט איבערצייגט, און איך בין געבליבען ביי דאס מיינינג, אז וואך־ארבייט איז בעסער. אבער מיט וואס זיך באריהמען האב איך איצט סא ווי סאי ניט. אמת, שלעזינגער האט טאקע שפעטער געביטען זיין מיינונג, און ווען ער איז געווארען פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל, איז איינגעפירט געווארען וואך־ארבייט פאר די קלאוקמאכער, אבער דאס באלאנגט שוין איצט צו דער געשיכטע. היינט האבען מיר צוריק שטיק־ארבייט, און אומזיסט ביין איך מיט קנאפע 22 יאהר צוריק אויף געווען כמעט א גאנצע נאכט מיט שלעזינגער'ן צו דיסקוטירען די פראגע פון וואך־ארבייט.

נאר איך דארף זאגען, אז אין פארגלייך מיט מיין איטאליענישען קאלעגע, דעם רעדאקטאר פון דער איטאליענישער צייטונג, וואס דער דזשאינט באארד פון דער קלאוקמאכער יוניאן האט דעמאלט ארויסגעגעבען, בין איך געווען גארניט רעוואלוציאנער.

די איטאליענישע צייטונג האט געהייסען „לאטא די קלאסע", וואס מיינט קלאסען־קאמף אויף איטאליעניש, און דער רעדאקטאר איז געווען סאראטי, א הייסער רעוואלוציאנערער סאציאליסט, וועלכער איז שפעטער געווארען א מיטגליד פון איטאליענישען פארלאמענט און איינער פון די פיהרער פון דער לינקער סאציאליסטישער פראקציע אין דער איטאליענישער סאציאליסטישער פארטיי.

אין פארגלייך מיט „לאטא די קלאסע" איז די „נייע פאסט" געווען א קאנסערוואטיווע טרייד־יוניאניסטישע צייטונג. אבער די „לאטא די קלאסע" האט געהאט די פריווילעגיע, וואס ניט דער אפיס פון דער אינטערנעשאנאל און ניט דער דזשאינט באארד האט געוואוסט, וואס דארטען ווערט געשריבען. און אזוי ווי מען האט ניט געוואוסט, האט עס קיינעם ניט געשאדט.

פון יענער צייט אן האט זיך א סך געביטען אויף דער גאנצער וועלט און עס האט זיך אויך א סך געביטען אין דער אינטערנעשאנאל. נאר ביי אלע בייטענישען און ענדערונגען האט זיך איין זאך ניט געביטען און ניט געענדערט און דאס איז, אז די ארבייטער דארפען זיין גוט ארגאניזירט און האבען שטארקע יוניאנס. זיי קענען אמאל האבען א בעסערען אפמאך מיט זייערע באלעבאטים, אמאל אן ערגערען; זיי קענען ארבייטען פון וואך אדער פון שטיק, אויב זיי זיינען נאר גוט ארגאניזירט און האבען א שטארקע יוניאן, וועלען זיי פון אן ערגערען אפמאך ארויסקריגען א סך מעהר ווי פון א בעסערען אפמאך ווען זיי זיינען שלעכט ארגאניזירט און האבען א שוואכע יוניאן.

סאָוס, דייטשעס, ראָזענבערגס און אזוי ווייטער זיינען ארויסגעבראַכט געוואָרען צום לעבען און קאַמף אויף די כוואַליעס פון יענעם שטורמדיגען לײדיס ווייסט מאַכער קאַמף, און אזוי איז אויך געבראַכט געוואָרען די אינטערנעשאַנאַל צו אַ גאָר נייעם לעבען. עפּעס אזוי ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט, אַז זי איז שוין צעהן יאָהר אַלט, און עס איז צייט זיך צו נעמען צו דער ארבייט.

און די זעלבע פּראָבע וואָס איז געמאַכט געוואָרען מיט די לײדיס ווייסט מייקערס, און וואָס האָט זיך אזוי איינגעגעבען, ווערט אונטערנומען מיט די קליוקמאַכער. אפשר וועט זיך עס אויך דאָ איינגעבען. זיינען דאָך די קלאָוקמאַכער פּונקט אזוי אויף צרות ווי די לײדיס ווייסט מייקערס, און דערצו האָבען דאָך די קלאָוקמאַכער פאַר זיך אזאַ גוטען ביישפּיל, אַז מען קאָן ארויסגעהן אין קאַמף און ארויסקומען זיגרייך.

פון דעסטוועגען שרעקט דאָס האַרץ, ניט נאָר ביי די פיהרער, נאָר ביי אונז אַלעמען: וועלען די קלאָוקמאַכער ארויסקומען אין זייערע טויזענדע אויף דעם רוף פון אַ יוניאָן, וועלכע אַליין קוים וואָס זי לעבט? עס קומט דער באַשטימטער טאָג, עס קומט די שטונדע, — ניטאָ קיין קלאָוקמאַכער! און מיר ווערען אַלע ווי פאַרצווייפעלט. אָבער דאָס געדויערט נאָר אַ מינוט. באַלד הויבען אָן געהן די קלאָוקמאַכער פון די פּעקטאָרים אין זייערע טויזענדע. באַלד, און עס איז ניטאָ איין פּעקטאָרי, וואו אפילו אַ רעדעל פון איין מאַשין טוט זיך אַ דרעה, און די מאָמענטאַנע פאַרצווייפלונג טרעט אָפּ איהר פּלאַץ פאַר אַ געפיהל פון אמת'ער פרייד. יאָ, עס איז פאַרט געקומען דער מאָמענט פון אַ גרויסער אויפלעבונג פאַר אונזער אידישער ארבייטער־באַוועגונג.

איך דערמאָן מיך: דער סטרייק פון די קלאָוקמאַכער רופט ארויס אַ גרויסען רושם אין ניו יאָרק. עס איז אַ דזשענעראַל סטרייק פון די קלאָוקמאַכער אין בעסטען זין פון וואָרט. און די אַמאָליגע קונצען פון די באָסעס אריינצונאַרען די ארבייטער צוריק אין זייערע שעפּער גילטען אויך ניט מעהר. פעסט האַלטען זיך די קלאָוקמאַכער. סקעבס גיט צו קריגען פאַר אַ רפואה. עס איז שלעכט, מען מוז זעהן עפּעס צו טאָן. מישען זיך אריין גוטע און פרומע לייט. און נאָך אַ לאַנגען קאַמף קומען ארויס די קלאָוקמאַכער זיגרייך, אָבער מיט עטוואָס נייעס, וואָס איז ביז דאַן גאָרניט געווען באַקאַנט אין דער באַוועגונג. עס ווערט געשאַפען אַן אינסטרומענט, וועלכער געהט אונטער דעם נאָמען פּראָטאָקאָל, און וועלכער זאָל עס האָבען דעם גרויסען כישוף, אַז סטרייקס און לאָקאוטס זאָלען ווערען אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט. מיר, די רעוואָלוציאָנערען פון יענער צייט, שאָקלען מיט די קעפּ. אונז געפעלט עס גאָרניט, וואָס עס האָבען זיך אריינגעמישט אַט די גרויסע לייט, און האָבען עס געבראַכט צו אַן אייביגען שלום צווישען ארבייט און קאַפּיטאַל. האַלטען מיר דאָך, אַז דאָס סאַמע וויכטיגע אין דער ארבייטער־באַוועגונג איז דער אייביגער קאַמף, דער שטענדיגער סטרייק, און דאָ ווערען גאָר די באַלעבאַטים און די ארבייטער אזוי פריינדליך. וואו איז דער קלאַסען־קאַמף? — שרייען מיר. יאָ, איך דערמאָן מיך, אַז איך ווענינגסטענס האָב עס באַטראַכט פאַר אַ פאַרראַט צו יענער צייט פון די פיהרער געגען די ארבייטער.

יאָ, איך דערמאָן זיך, דאָס אויף אַ געוויסען מיטינג, אויף וועלכען איך און מייער לאָנדאָן זיינען געווען די רעדנער (דאָס איז, דאַכט זיך, געווען אויף אַ סטרייק־מיטינג פון די לײדיס טיילאָרס) האָב איך עפענטליך באַשולדיגט מייער לאָנדאָן אין פאַרראַט, ווען ער געהט גאָר אָרגאַניזירען די באָסעס... עס איז ווירקליך געווען עטוואָס גאַנץ נייעס דאַן אין דער ארבייטער באַוועגונג. און איצט, אַז מיר בליקען אַ ביסעל אויף צוריק, מוז מען צוגעבען, אַז עס איז געווען גראָד אַט דער „פּאַרעטמערי־שער" פּראָטאָקאָל, וועלכער האָט אויסגעלערנט די אידישע ארבייטער אויפצוהאַלטען אַ יוניאָן פאַר מעהר, ווי איבער דער צייט פון סטרייק. יאָ, איך דערמאָן מיך: מיר האָבען געהאַט יוניאָנס, און גאַנץ קאַמפּסלוסטיגע יוניאָנס,

אָבער ווי לאַנג האָבען זיי אָנגעהאַלטען? ביז זיי זיינען געקומען צוריק אין שאַפּ, און די באָסעס האָבען זיי געטריט מיט עטליכע פיינטס ביר, אויב ניט מיט אַ גאַנצער בארעל. ערשט אַ דאַנק דעם פּראָטאָקאָל האָט די יוניאָן אָנגעהויבען געדייהען...

נאַטירליך, דערמאָן איך זיך, אַז ניט אַלעס האָט געארבייט אזוי גלאַט ווי מען האָט זיך פאָרגעשטעלט. די נאַטור פון די באָסעס קען ניט און איז ניט געענדערט געוואָרען. דער חשק וואָס מעהר ארויסצוקוועטשען פון די ארבייטער איז ניט אויף אַ האָר קלענער געוואָרען. אויך איז דער קלאָוקמאַכער גאָרניט אזוי גיך צוגעוואוינט געוואָרען צום יאָך פון פּראָטאָקאָל. עס זיינען פאָרגעקומען אַלערליי רייבונגען, אָבער אַ גרויסער סטרייק איז פאַר אַ משך פון איינינגע יאָהר ניט פאָרגעקומען, און די יוניאָן איז אין דעם משך פון דער צייט געוואָרען אַלץ שטאַרקער. פּשוט — די ארבייטער האָבען זיך צוגעוואוינט צו צאָהלען דיוס...

האָבען די באָסעס אָנגעהויבען איינרעדען זיך, אין זייער נאַרישקייט, אַז זיי זיינען נאָר די באַלעבאַטים פון דער יוניאָן און קענען איבער איהר געוועלטיגען, ווי זיי קענען עס אָדער ווי זיי וואָלטען עס געוואָלט אין זייערע אייגענע שעפּער.

און צום אומגליק, דערמאָן איך זיך, זיינען געוויסע יוניאָן־פיהרער אין יענער צייט געווען מיט זיי איינפאַרשטאַנען. זיי האָבען געציטערט, אַז מיט דעם טויט פון פּראָטאָקאָל מוז אויך פאָלגען דער טויט פון דער יוניאָן. יאָ, אויב מיין זכרון נאַרט מיך ניט, האָבען זיי געמאַכט יד־אחת מיט די באָסעס. אַט דאָס איז געווען דער גאַנצער טומעל פון דער וואויל־באַקאַנטער הורוויטש־אַפּעיר, וועלכע האָט אזוי אויפגעטרייסעלט ניט נאָר די קלאָוקמאַכער, נאָר אונזער גאַנצע באַוועגונג.

און וואָס איז געווען דער רעזולטאַט? דער פּראָטאָקאָל האָט זיין צייט אָפּגעדינט און איז אוועק, וואוהין עס געהט אַלעס, וואָס איז מעהר פון קיין נוצען ניט אין לעבען, אָבער פון דער מורא, אַז די יוניאָן וועט געהן מיט'ן פּראָטאָקאָל האָט זיך אויסגעלאָזען אַ ווייסטער חלום, און עס האָבען זיך געפיהלט ביטער ענטוישט די באָסעס און נאָך מעהר די עטליכע ארבייטער־פיהרער, וועלכע האָבען ארויסגעוויזען אזאַ קנאַפּען גלויבען אין דעם ארבייטער'ס שכל, און האָבען געהאַלטען גאָר מיט די באָסעס. זיי האָבען, נעבאַך, געמוזט פאַרלאָזען די יוניאָן און אָפּטרעטען זייער פּלאַץ פאַר פיהרער, וועלכע האָבען געהאַט זייער פולען גלויבען אין די ארבייטער־כחות אָהן די הילף פון די באָסעס.

דאָס איז פאָרגעקומען ארום 1914, פיר יאָהר נאָכדעם ווי עס איז געקומען די אויפלעבונג, ווען דער ארבייטער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, אָבער נאָך אַלץ זיך גענויטיגט אין אַן אָנשפּאַראַץ. ער האָט אָבער באַלד באַוויזען, דאָס ער קען ניט נאָר שטעהן אויף זיינע אייגענע פיס. נאָר ער קען מאַכען זיך שטאַרק בויגען די מעכטיגע און די שטאָלצע, וועלכע האָבען זיך איינגערעדט אין זייער נאַרישקייט, אַז אָהן זיי קען גאָר דער ארבייטער זיך ניט אַ קער טאָן.

יאָ, עס איז אָנגעקומען די צייט, ווען די יוניאָן האָט אָנגעהויבען דיקטירען און די באָסעס האָבען געמוזט פאָלגען; עס איז אָנגעקומען די צייט, ווען די ארבייטער האָבען געהאַט דעם מוט ניט נאָר פאַר דער פאָדערונג פון גרעסערע וויידזשעס און קירצערע ארבייטס־שטונדען, ניט נאָר אַז די שעפּער זאָלען אויפהערען צו זיין פייער־פאַסטקעס און פעסט־לעבער, נאָר אויך דיקטירט אַ גאַנץ אַנדער אופן פון ארבייט אין די שעפּער. אין אַנדערע ווערטער: די באָסעס, וועלכע האָבען מיט איינינגע יאָהר צוריק זיך איינגערעדט, אַז די יוניאָן עקזיסטירט אין זייער זכות, און האָבען זיך געהאַלטען פאַר געוואַלטיגע פילאַנטראָפּען, האָבען געמוזט זיך אונטערוואַרפען דעם פאַרלאַנג פון די ארבייטער.

איהר פאַרשטעהט דאָך מסתמא אַליין, אַז אזוי מיט'ן

# איך דערמאָן מיך

(צו דער יובילעאום־קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל)

פון ש. יאַנאָווסקי

דעם אמת געזאָגט, קען איך זיך ניט דערמאָנען, ווען די אינטערנעשאָנאַל איז געבאָרען געוואָרען. מען זאָגט מיך, אַז זי איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1900. גלויב איך, אָבער גאַנץ זיכער בין איך ניט. דער פאַקט איז, דאָס איך בין שוין יעמאָלט געווען דער רעדאַקטאָר פון דער „פרייע ארבייטער שטימע", און אומזיסט האָב איך געזוכט כאָטש א וואָרט וועגען דעם אין דער „פ. א. ש." משמעות, די טאַטעס און מאַמעס, וועלכע זיינען עס געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דאָס ניי־געבאָרענע קינד, האָבען עס ניט געהאַלטען פאַר אַזאַ וויכטיגע געשעהעניש צו לאָזען וויסען דער וועלט וועגען דעם.

יאָ, די גאַנצע געשיכטע פון דעם געבורט פון דער אינטערנעשאָנאַל איז איינגעוויקעלט אין דונקעלהייט. עס איז אפילו ניט זיכער וואו, אין וועלכער שטאָדט, די דאָזיגע גרויסע פאַסירונג איז פאָרגעקומען. איינינע זאָגען, אַז דער כבוד געהערט צו פילאַדעלפיא; זאָגען אַנדערע, אַז דאָס איז נאָר פאָרגעקומען אין ניו יאָרק; און איך האָב שטאַרק מורא, אַז איצט איז שוין אַביסעל צו שפּעט צו דערגעהן דעם אמת. פונדעסטוועגען, אַז די אינטערנעשאָנאַל איז געבאָרען געוואָרען אין 1900, דאָס איז, דאַכט זיך, זיכער. און דאָס דערוויסען מיר זיך, ניט פון דעם, ווייל דאָס איז אין ערגעץ פאַרשריבען געוואָרען, נאָר פון דעם, וואָס אין יאָהר 1903, — שטעהט שוין יאָ ערגעץ פאַרשריבען, — איז פאָרגעקומען אין ניו יאָרק די ד ר י ט ע קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל. קען מען שוין זיך אָנשטויסען, אַז פאַר איהר זיינען פאָרגעקומען צוויי אַנדערע.

אַלזאָ, וועגען דעם, אַז די אינטערנעשאָנאַל איז אַלט אָדער, ריכטיגער, וועט נעקסטען יאָהר ווערען 35 יאָהר אַלט, איז ניטאָ קיין צווייפעל. אָבער מיר מוזען זאָגען, אַז ביז די אינטערנעשאָנאַל איז ניט געוואָרען אַלט א יאָהר 9—10, האָט קוים אימיצער פון איהר געוואוסט. עס איז געווען א שטאַרט שטילער וואַקסען, און קיין גרויסען רושם האָט זי ניט געמאַכט.

נאַטירליך, עס זיינען געווען דאַן אויך איינצעלנע יוניאָנס, ווי די קלאָוקמאַכער יוניאָן, די לײדיס וויסט מאַכער יוניאָן און א פּאָר אַנדערע יוניאָנס אין ניו יאָרק און אַנדערשוואו, וועלכע זיינען געווען אָפיציעל אָנגעשלאָסען אָן דער אינטערנעשאָנאַל, אָבער די אינטערנעשאָנאַל אַליין האָט מיט גאָרניט אַרויסגעוויזען, אַז זי לעבט. וועניגסטענס, איך קען זיך ניט דערמאָנען אָן דעם.

געוויס, איך האָב געקאָנט גאָר פילע מענשען, וועלכע האָבען געהערט און זיינען געווען טעטיג אין דער אָדער יענער יוניאָן: איך האָב געקענט, למשל, אב. ראָזענבערג, איינער פון די ערשטע פרעזידענטען פון דער אינטערנעשאָנאַל; פּאָלאַקאָוו, באַראָף, שינדלער און אַנדערע, אָבער איך קען זיך ניט דערמאָנען, אַז זיי האָבען שוין דאַן אַרויסגעוויזען סמנים פון ווערען די טוער און פיהרער פון דער גרויסער אינטערנעשאָנאַל, וועלכע איז אַליין געוואָרען שפּעטער אַזוי באַריהמט, און דורך וועלכע גאָר פילע מענשען זיינען געוואָרען אַזוי באַריהמט.

איך דערמאָן זיך, אַז צו יענער צייט, איידער די אינטערנעשאָנאַל איז געוואָרען אמת לעבעדיג, האָבען פילע פון אונז געטראַכט, אַז די גלאַנץ־פּעריאָדע פון דער אידישער ארבייטער־באַוועגונג איז נאָר הינטער אונז, אָבער בשום אופן ניט פאַר אונז. מיר פלעגען אָפט דערמאָנען אָן די גרויסע העלדישע סטרייקס, וואָס א קלאָוקמאַכער־יוניאָן האָט געהאַט אונטער דער פיהרערשאַפט פון יוסף באַראָנדעס, פון די גרויסע שניידער־סטרייקס, אָנגעפיהרט פון אַנדערע אַזעלכע קעמפער, ווי באַראָנדעס, און עס האָט געהערשט א מיינונג, אַז אָט יענע גרויסע ארבייטער־קעמפע געהערען צו דער גלאָררייכער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע וועט שוין קיינמאָל זיך ניט צוריקקערען. דער פאַקט איז, דאָס די ארבייטער יוניאָנס, וועלכע האָבען צו יענער צייט עקזיסטירט, האָבען קוים, קוים געזשיפּעט. ניט נאָר איז ניט געווען קיין שכירות פאַר דעם באַאַמטען, נאָר אָפט איז ניט געווען פאַר קיין אָפיס־רענט.



ש. יאַנאָווסקי

און דערפאַר קען איך זיך בשום אופן ניט דערמאָנען, אַז די אינטערנעשאָנאַל זאָל האָבען זיך מיט עטוואָס געהערט אין אונזער גאַס.

דאָס לעבען פון דער אינטערנעשאָנאַל, איהר אמת־היסטאָרישער לעבען, הויבט זיך אָן מיט דעם סטרייק פון די לײדיס וויסט מייקערס, וועלכער איז אונטערגענומען געוואָרען אין א געפּיהל פון גרויסער פאַרצווייפלונג. עס האָט געהאַלטען אַזוי שלעכט, אַז עס איז שוין טאַקע ניט געווען וואָס צו פאַרלירען, און עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַרויסצורופען א סטרייק פון די לײדיס וויסט מאַכער, וועלכע זיינען דאַן גאָר אין דער יוניאָן ניט געווען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו רופען די טויזענדע שקלאַפינס און שקלאַפען צו א קאַמף, כאָטש אין דער יוניאָן־קאַסע איז קיין פּרוטה ניט געווען.

וואָס טוען דען ניט אַמאָל מענשען אין א מאָמענט פון פאַרצווייפלונג? און אָט דער געפּיהל פון פאַרצווייפלונג, וואָס איז געווען ביי די עטליכע יוניאָן־פיהרער, איז אויך געווים געווען ביי די טויזענדע און טויזענדע, וואָס זיינען אויסגעזעצט געוואָרען אין די פאַרשיידענע סוועט־שעפּער אויף דעם גרויזאַמסטען אופן. דערהערט א רוף צו א סטרייק, זיינען זיי געגאַנגען. וואָס האָבען זיי געהאַט צו פאַרלירען? אין דעם פונקט זיינען די גרויסע ארבייטער־מאַסען און די עטליכע יוניאָן־פיהרער געווען איינס, און אָט מיט דעם קאַמף הויבט זי אָן דאָס לעבען פון דער אינטערנעשאָנאַל, און אויך די אויפלעבונג פון דער גאַנצער אידישער ארבייטער־באַוועגונג אין ניו יאָרק און אין די פילע אַנדערע שטעדט, וועלכע זיינען געוואָרען די שרעקליכע נעסטען פון א סוועטעריי, וועלכע די איצטיגע ארבייטער קענען זיך קוים פאָרשטעלען.

יאָ, אָט דער סטרייק פון די טויזענדע און טויזענדע פרויען, יונגע און אַלטע, יאָ, כמעט קינדער, וועלכע האָבען געאַרבייט שווערע, לאַנגע שטונדען פאַר עטליכע סענט א טאָג, האָט אַרויסגערופען צום לעבען אָט די פאַרשיידענע טוער, וועלכע האָבען שפּעטער געמאַכט געשיכטע. די באַראָוס, האַלפּערינס, פערלשטיינס, פּאָליאַ־

# די צוקונפט פון דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג

פון וויליאם גרין
(פרעזידענט פון דער א. פ. אוו ל.)

די צוקונפט פון דער אמעריקאנער ארבייטער־באוועגונג קען בלויז געאורטיילט ווערען לויט איהר פארגאנגענהייט. אין די פארגאנגענע שוועריגקייטען און אויפטואונגען, אין איהרע פאליסים און פראבלעמען ליגט דער שליסעל צו איהר באאורטיילונג, אין איהר פארגאנגענהייט זעהט מען איהר פראגראם פאר דער צוקונפט. די ערשטע און וויכטיגסטע אויפגאבע פון דער אמעריקאנער ארבייטער־באוועגונג איז דאס ארגאניזאציאנס־וועזען. מיר מוזען ארגאניזירען די אומארגאניזירטע. עס זיינען פאראן איבער'ן לאנד מיליאנען פרויען און מענער, וועלכע נויטיגען זיך אין ארגאניזאציע, וואס נויטיגען זיך אין הילף, אין א גוטען איינפלוס און אין דעם כח צו העלפען באשטימען די אינטערעסען פון די יעניגע, וואס ארבייטען אין די מיינס און אין די מילען, אין די פעקטארים און אין וואלד. ארגאניזאציע איז דער איינציגער אינסטרומענט, וועלכער וועט אויסקעמפען פאר די ארבייטער א געהעריגען פלאץ אין דער אינדוסטריע און אין דער געזעלשאפט, וועלכע וועלען איהם געבען די מיטלען פאר אן אנשטענדיגען לעבען. זי וועט זיי געבען דעם כח זיך אליין צו פארטיידיגען געגען אומגערעכטיגקייטען, געגען קליינע שכירות און דיסקרימינאציעס. ארגאניזאציע איז דער אינסטרומענט, וואס שיצט אונזער זעלבסט־רעספעקט און אונזער ווירדע.

די ארבייטער מוזען זיין ארגאניזירט ניט נאר צוליב זייערע אייגענע אינטערעסען נאר אויך צוליב דעם אינטערעס פון דער געזעלשאפט און פון דעם אמעריקאנער פאלק. לינקאלנ'ס ווערטער, אז „אמעריקא קען ניט עקזיסטירען האלב פארשקלאפט און האלב פריי" איז היינט פונקט אזוי אמת ווי אין זיין צייט. דער אמעריקאנער ארבייטער קען ניט בלייבען האלב ארגאניזירט און האלב אומארגאניזירט. מיר מוזען און מיר וועלען ארגאניזירען אלע ארבייטער, — און קיינער וועט אונז דערפון ניט אפהאלטען. די צייט רעדט פאר אונז, און מיר וועלען אלס ארבייטער זיך צוזאמענעמען צו באגעגענען און צו לייזען אונזערע געמיינזאמע פראבלעמען. מיר מוזען דאס טאן, ווייל זיי קענען ניט אויף קיין אנדער אופן געלייזט ווערען — ווייל עס איז ניט פאראן קיין אנדער וועג. זאל איינמאל פאר אלע מאל פארשטאנען ווערען, דאס קיין שום אינדזשאנקשאנס, פריזאנס, באנוסעס און פאראכטונגס־קאמף, די אונטערדריקונג פון פרייער רעדע און גרופ־אינשורענס וועלען די ארבייטער ניט אפהאלטען פון זיך ארגאניזירען. די צוקונפט איז אונזערע, ווייל קיין אנדער צוקונפט איז ניטא. די ארבייטער אין דער אינדוסטריע האבען געמיינזאמע פראבלעמען און געמיינזאמע נויטען, געמיינזאמע אינטערעסען און א געמיינזאמען ציל. זיי מוזען און וועלען דעריבער געמיינזאם לייזען זייער פראבלעם.

איך וויל נאך א מאל ווידערהאלען, אז קיין אנדער אויסוועג האבען מיר ניט. דער גורל פון די ארבייטער וועט אויסגעארבייט און באשטימט ווערען דורך זייער ארגאניזאציע, און זיי וועלען זיך ניט לאזען ארניסנעמען פון די הענט דעם כלי־זיין, וואס איז בכח זיי צו מאכען פאר פרייע בירגער אין אן אינדוסטריע, וועלכע האט די פליכט זיך מיט זיי צו בעראטען וועגען זייער אייגענער צוקונפט.

מיר מוזען געדענקען, אז מיר האבען ערשט אנגעפאנגען. די אמעריקען פעדערײשאן אוו לייבאר איז נאך יונג אלס ארגאניזאציע. זי איז ארגאניזירט געווארען מיט **פופציג יאהר צוריק — דאס מיינט בלויז איין טאג אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. פונדעסטוועגען האבען מיר עטוואס אויפגעטאן אין אט דעם קורצען „טאג".**

ניט געקוקט אויף דער גרויסער עמיגראציע, נאציאנאלע שוועריגקייטען, די ריזיגע טראסטס, וואס האבען געקעמפט געגען אונזער יעדען שריט, און נעמענדיג אין אנבאטראכט די מיסרעפרעזענטאציע און קאורט־אנטשיידונגען וואס האבען אונז באהאנדעלט מיט אינדזשאנקשאנס, האבען מיר פונדעסטוועגען דאך אויסגעבויט אן ארגאניזאציע, וואס איז פון עטליכע הונדערט מענשען אויסגעוואקסען צו וואסערע דריי מיליאן ארבייטער.

פון באדייטונגסלאזיגקייט זיינען מיר אויסגעוואקסען צו א גרויסען איינפלוסרייכען כח. היינט צו טאג רעכענט זיך די וועלט מיט אונזער ווארט. עס רעכענט זיך מיט אונז די אמעריקאנער אינדוסטריע, די אמעריקאנער פאליטיק, דאס סאציאלע לעבען אין אמעריקא, און עס רעכענט זיך מיט אונז די אמעריקאנער געזעצגעבונג. דאס אלעס איז דערגרייכט געווארען אין די ערשטע פופציג יאהר, ווען מיר האבען אנגעפאנגען מיט אזעלכע באשיידענע מיטלען. אין די קומענדע פופציג יאהר, ווען מיר האבען שוין אן איינגעפונדעוועטע ארגאניזאציע, מיט א גוטער עפענטליכער מיינונג, מיט אן ערפאהרענער פיהרערשאפט און דעם איינדרוק וואס קומט פון אויפטואונגען און ערפאלגען, ווי אויך אן ענטוויקעלטע ארבייטער בילדונג באוועגונג מיט א רייכער ארבייטער־פרעסע און א געמיינזאמער שפראך — מיט אט דעם אלעם, און דערצו נאך מיט דער האפנונג און דעם גלויבען פון די ארבייטער אין זייער צוקונפט, וועט אונז קיינער ניט קענען אפשטעלען צו דערגרייכען אונזער ציל אין דער אמעריקאנער געזעלשאפט. די שונאים פון די ארבייטער קעמפען פאר האבזיכטיגקייט — מיר בילדען א באוועגונג פאר דער אייביגקייט, פאר דער שטייגענדער פארבעסערונג פון דער לאגע פון אמעריקאנער פאלק. ארגאניזאציע — איז דער ערשטער טייל פון אונזער פראגראם פאר דער צוקונפט.

דער צווייטער טייל איז בילדונג. ארגאניזאציע איז פאר זיך אליין שוין א גוטער בילדונגס־מיטעל פאר די ארבייטער. עס גיט זיי די מיטלען צו טראכטען און צו באשליסען זייערע פראבלעמען און גורל, און לערנט זיי די מעטאדען ווי צו ווירקען אלס א גרופע. דערצו מוזען מיר אבער צוגעבען ארבייטער־בילדונג. מיר מוזען גרינדען קלאסען פאר ארבייטער, ביכער וואס האבען צו טאן מיט ארבייטער־פראבלעמען, דיסקוסיעס וועגען ארבייטער־פראגען, און זיי בכלל לערנען ניט בלויז ווי צו ווערען באוואוסטזיניגע ארבייטער נאר אויך נוצליכע בירגער כדי צו פארנעמען פאראנטווארטליכע פלעצער אין דער געזעלשאפט. מיר ווילען ניט בלויז ארגאניזירען, מיר ווילען אויך בילדען די ארבייטער — ניט בלויז פאר ארבייט נאר אויך פאר בירגערשאפט. מיר ווילען דורך ארגאניזאציע און בילדונג מאכען דעם ארבייטער פאר א קאנסטרוקטיווען כח אין דער אמעריקאנער אינדוסטריע. מיר ווילען ניט בלויז ענטוויקלען זיין לעבענס־מצב פאר באקוועמליכקייטען, נאר מיר ווילען אויך דורך ארגאניזאציע און בילדונג אין איהם ענטוויקלען אן עקאנאמישען און קאנסטרוקטיווען בייטראג צו דער אמעריקאנער אינדוסטריע.

דאס איז אין קורצען אונזער בעפארשטעהענדע פראגראם. דער וועג מעג איצט זיין לאנגזאם און לאנג — די אויפגאבע שווער. דער קאמף איז אבער דורך דער בלויזער אנטשלאסענהייט שוין האלב געוואונען. לאזט ניט נאך! גיט גארניט אוועק פון דעם, וואס מיר האבען שוין געוואונען. דאס, וואס מיר האבען, וועלען מיר האלטען אונטער אלע אומשטענדען. און צו דעם וואס מיר האבען מוזען מיר יעדען טאג צוגעבען עטוואס, וואס **זאל בלייבען פאר אלע צייטען.**

גומען ווילען האבען די באסעס ניט צוגעשטימט. גאנצע שלאכטען זיינען אויסגעקעמפט געווארען. איהר, ווי איך, געדענקט געווים די שטורמישע צייטען אין 1916, אין 1919, אין 1922 און אזוי ווייטער און ווייטער. עס האט שוין זאגאר פאסירט, אז די קלאוק-מאנופעקטשורערס פון איבער'ן גאנצען לאנד האבען געמאכט א בונט און באשלאסען, אז די קלאוקמאכער יוניאן מוז פארטיליגט ווערען, און אימער־צו האט זיך עס אויסגעלאזען, דאס פון יעדען קאמף איז די יוניאן ארויסגעקומען אלץ שטארקער, און אזוי איז עס געווארען א געוואוינהייט ביי אונזער קלאוקמאכער יוניאן בפרט און ביי דער אינטערנעשאנאל בכלל ארויסצוקומען פון יעדען קאמף אלס געווינער. און טאמער האט פאסירט איינמאל אין א יובל אז א סטרייק דא אדער דארט האט געמוזט פאר א צייט אויפגעגעבען ווערען, האט די וועלט געפרעגט מיט שטוינען: היתכן, ווי שיקט זיך עס, אז די אינטערנעשאנאל זאל פארלירען אמאל?

אבער דאס איז נאך ניט אלץ, אן וואס איך דערמאן זיך. איך דערמאן זיך, אז ווען און וואו נאר עס האט א בלאז געטאן א נייער ווינטעל, האט זיך עס באלד דערפיהלט אין דער אינטערנעשאנאל, און באלד זיינען געווארען אין דער אינטערנעשאנאל צדדים, וועלכע האבען זיך באקעמפט איינע די אנדערע אזוי ווי זיי וואלטען זיך געווען דם־שונאים; און אך, וועלכע מלחמות עס זיינען דאס אויסגעפאכטען געווארען אין די לעצטע יאהרען! וויפיל אומזיסטע כחות עס זיינען פארשווענדט געווארען; יא, וויפיל בלוט איז עס פארגאסען געווארען! און ווי אפט האט עס געהאלטען ווירקליך, אז אונזער אינטערנעשאנאל זאל שטארק צושעדיגט ווערען!

און ווער ווייס, צו וואס די דאזיגע אינערליכע קעמפע וואלטען געפיהרט, ווען פון איין זייט וואלט די אינטערנעשאנאל ניט געהאט אט די קלארע קעפ: די שלעזינגערס, די זיגמאנס, די דובינסקיס, און וועלכע, ווי עפעס דורך א נס, קומען אימער ווען מען נויטיגט זיך אין זיי אזוי שטארק; און ווען, פון דער אנדערער זייט, וואלטען ניט געווען די באסעס, וועלכע גלויבען, אז זיי האבען א שעת הכושר געגעבען א טויט־קלאפ דער אינטערנעשאנאל אט דורך די אינערליכע רייסערייען, און וואס דאס גופא מאכט די צדדים ווידער איינינג, און די אינטערנעשאנאל קומט ווידער ארויס איינגער, שטארקער, קרעפטיגער ווי ווען עס איז.

יא, לויט איך דערמאן מיך אן די אלע צרות, אינערליכע און אויסערליכע, וואס די אינטערנעשאנאל איז אויסגעשטאנען, דאכט זיך מיר אז זי האט אין זיך אזוי פיל לעבענס, אז מיט קיינע מיטלען קען מען איהר ניט טויטען. די היינטיגע יובילעאום קאנווענשאן באווייזט עס אם בעסטען. ווער האט זיך עס געריכט, אז דעם יאהר וועט די אינטערנעשאנאל קומען צו איהר קאנווענשאן מיט אזא דעלעגאציע, מיט אזא מעמבערשיפ, ווי זי האט עס נאך קיינמאל ניט געהאט? און דאך עס איז א פאקט, די אינטערנעשאנאל איז איצט אזוי מעכטיג, ווי קיינמאל ניט. רייך אין גייסט, רייך אין צאל, רייך אין איר אונטערנעמונגס־גייסט אויף אלע געביטען. אויף דעם געביט פון דעם ארבייטער'ס געזונד האט זי איהר אינסטיטוציע, דעם יוניטי העלטה סענטער אויף דעם געביט פון גייסטיגער אויסבילדונג איהר גרויסען און אלץ גרעסער ווערענדען עדיוקיישאנאל דעפארטמענט, אויף דעם געביט פון ארגאניזאציאן די גאנצע אינטערנעשאנאל, וועלכע האט זיך אזוי צושפרייט איבער'ן גאנצען לאנד.

בנאמנות, דאס לעבען, דאס ווירקען פון דער אינטערנעשאנאל איז איינער פון די גרויסע וואונדער פון אונזער צייט, און איך פיהל מיך באמת שטאלץ, ווען איך דענק וועגען דעם, וואס וויי־ניט־ווי האב אויך איך א שטיקעל חלק אין אט דער גרויסער אינטערנעשאנאל, וואס איז ווירקליך פול מיט ברכות פאר אזוי פיל טויזענדע און טויזענדע לעבענס דא, אין אמעריקא, און וועלכע גאר אפט לאזט זיך פיהלען מיט איהרע ברכות אויך פאר די ארבייטער פון יענער זייט ים.

# שטויב

(א סאנעט)

פון לאזאר פערלשטיין.

וועד קאן דען מיט זיכערקייט זאגען —
ווען א שטויבעלע פון די מילי־מיליאסען
וואס באוועגען זיך אין די שטאטישע גאסען,
זיע'ט פון א ווינט וואו פארטראגען --

וועד קאן דען זיין זיכער און זאגען —
אז אט דאס שטויבעלע פעהלט צו דער צאל,
און די חברים־שטויב זאלען גאר מיט אמאל
דעם פארלוסט פון א חבר באקלאגען?

אט בין איך א שטויב פון די מילי־מיליאנען —
א מענשליכער שטויב אין די ניו יארקער גאסען;
ווען מען זאל מיך געפינען א טויטען, א בלאסען,
וועט מען דעם פארלוסט דען דערמאנען?...

ווען איך זעה א שטויב־וואלקען פליהען אין דער הויך
זעה איך קלאר דא'ט — מיין איינען שטויב אויך.

א נאכט פאר ערב יום כפור איז ביי א גרויסען מאַס־מיטינג באשלאָסען געוואָרען צו סטרייקען, און נאָך די־זעלבע נאכט זיינען קאָמיטעס ארוים אָפּצוסטאָפּען די שעפּער.

אַמאָל איז געוועזן אַ מאָדע, אַז אַ נאכט בעפאָר ערב יום כפור פלעגט מען אין די שעפּער ארבייטען אַ גאַנצע נאכט, און אַזוי ארום האָט מען דורך דער נאכט אָפּגע־סטאַפּט כמעט דעם גאַנצען קלאָוק טרייד.

## די אָרגאַניזירונג פון דער אינטערנעשאָנאַל.

נאָכדעם ווי דער דזשענעראַל סטרייק איז פאַרלאָרען געגאַנגען, האָבען די פאָר הונדערט איבערגעבליבענע מיט־גלידער גענומען טראַכטען — וואָס בלייבט ווייטער צו טאָן? ביי די גאַרמענט וואָרקערס איז פאַר אונז קיין פּלאַץ ניט געווען. מיר האָבען זיך דאָרטען געפילט ווי פרעמדע. האָבען מיר באַשלאָסען זיך פון זיי צוריקציען.

וואָס בלייבט ווייטער צו טאָן?

אינדעפּענדענט צו שטיין איז געווים קיין פּלאַן ניט. אין דער צייט פון אונזער לעצטען דזשענעראַל סטרייק האָבען מיר זיך דערוואוסט אַז עס עקזיסטירען שוין קלאָוק מאַכער יוניאָנס אין פילאדעלפיא, באַלטימאָר, שי־קאַגאָ, אויך אין קליוולאַנד, איז ביי אונז געבליבען מיר זאָלען זיך דורכשרייבען מיט די פאַרשידענע יוניאָנס אויב עס וואָלט ניט ראַטזאַם געווען מיר זאָלען גרינדען אַ פאַר־באַנד פון די עקזיסטירענדע יוניאָנס, כדי מיר זאָלען זיך קענען איינער דעם צווייטען אונטערשטיצען אין צייטען פון סטרייקס. די אַלע אינדעפּענדענט יוניאָנס האָבען גע־פיהרט אַ טרויעריגע עקזיסטענץ; פאַראייניגטערהייט וועלען מיר פיליכט איינער דעם צווייטען קענען ארויסהעלפען.

דורך דעם יאָהר 1899 האָבען מיר דעם פּלאַן פאַרגע־לייגט פאַר די אַלע עקזיסטירענדע יוניאָנס. אויף דעם האָבען מיר געקראָגען ענטפערס פון פילאדעלפיא, באַלטימאָר און שיקאַגאָ, אַז זיי שטימען איין מיט דעם פּלאַן. מיר האָבען דאַן באַשטימט אַז אַזאַ קאָנפערענץ זאָל אָפּגעהאַל־טען ווערען אין ניו יאָרק אין מאָנאַט דעצעמבער.

צו דיזען קאָנפערענץ זיינען געקומען דעלעגאַציעס פון פילאַדעלפיא, באַלטימאָר, ניו יאָרק, נוארק, ניו דזש., וואו מיר האָבען געהאַט אַ שטיקעל יוניאָן. אויך אַ דעלעגאַציע פון בראַנזוויל, וואו עס איז געבליבען אַ יוניאָן נאָכ'ן פאַרלאָרענעם סטרייק. דער קאָנפערענץ האָט באַשלאָסען זיך צו אָרגאַניזירען אין אַן אינטערנעשאָנאַל יוניאָן און זיך אַנשליסען אָן דער אמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. פון אָנפאַנג האָבען מיר געדיינקט צו האָבען אַ פאַרבאַנד בלויז פון קלאָוקמאַכער לאָקאַלען, נאָר שפּעטער, ווען מיר האָבען אָנגעפאַנגען צו פונקציאָנירען, האָבען מיר אויס־געפונען אַז מיר קענען זיך ניט אָפּטיילען פון די וויסט־מאַכער, דרעס מאַכער און אַנדערע מאַכערס פון דער לײדיס גאַרמענט אינדוסטריע. אַזוי איז אונזער אינטער־נעשאָנאַל געבוירען געוואָרען.

ביי דיזען ניו יאָרקער קאָנפערענץ איז אַן אַפּליקײשאָן געמאַכט געוואָרען צו דער אמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר פאַר אַ טשאַרטער. הערמאַן גראָסמאַן איז דאַן ערוויילט געוואָרען אַלס פּרעזידענט, און בערנאַרד בראַף, אַ ניו יאָרקער פּרעסער, אַלס סעקרעטאַר.

נאָכדעם ווי דער טשאַרטער איז אונז באַוויליגט גע־וואָרען, האָבען מיר אין דזשון 1900 אָפּגעהאַלטען אונזער ערשטע קאָנוועגשאָן אין פילאַדעלפיא. פאַרטראָטען זיינען געווען צוויי לאָקאַלען פון פילאַדעלפיא, איין לאָקאַל פון באַלטימאָר, צוויי לאָקאַלען פון ניו יאָרק, איין לאָקאַל פון בראַנזוויל און איין לאָקאַל פון נוארק, ניו דזש.

די קאָנוועגשאָן האָט באַשלאָסען אַז פּער־קאַפּיטאַ צו דער אינטערנעשאָנאַל זאָל זיין 1 סענט אַ וואָך. אַזוי ווי אונזערע בעאַמטע האָבען ניט גענומען קיין געצאָלט, האָט אונזער טרעזשורי געקענט שפּאָרען געלד.

צו דער נעקסטער קאָנוועגשאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק, האָט דער טרעזשורער באַריכטעט אַז אין דער טרעזשורי געפינט זיך אַ סומע פון $13.40, האָבען אַלע דעלעגאַטען אַפּלאָדירט.

אין דער צייט פון דער ערשטער ביז צו דער צווייטער קאָנוועגשאָן, איז אונזער משפחה פאַרגרעסערט געוואָרען. טשאַרטערס זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען ווי פאָלגט: די קלאָוק אָפּערייטאָרס צוזאַמען מיט די פינישערס אַלס לאָקאַל 1; פילאַדעלפיא קלאָוק מאַכער לאָקאַל 2; פילאַ־דעלפיא פּרעסערס לאָקאַל 3; באַלטימאָרע קלאָוקמאַכער לאָקאַל 4; שיקאַגאָ קלאָוקמאַכער לאָקאַל 5; ניו יאָרק קאַטערס לאָקאַל 6; פילאַדעלפיא סקוירט מאַכער לאָקאַל 7; סאַן פראַנציסקאָ קלאָוק מאַכער לאָקאַל 8; קליוולאַנד קלאָוק מאַכער לאָקאַל 9. די ערשטע פאָר יאָהר פון אונ־זער עקזיסטענץ האָבען מיר געמאַכט פאָרשריט, אמת ניט זייער גרויסען, אָבער דאָך פאָרשריט. עס האָבען זיך אָנגעשלאָסען די ניו יאָרקער וויסט מאַכער, די ריפער מייקערס פון ניו יאָרק, וויסט מאַכער, די ראַפּער מייקערס פון ניו יאָרק, אויך די פילאַדעלפיא וויסט מאַכער אַלס לאָקאַל 15. מיר האָבען זיך אַזוי געפרעהט מיט אונזער ערפאָלג ביז 1904, ווען מיר זיינען פאַרוויקעלט געוואָרען אין אַ סך שאָפּ־סטרייקס און האָבען צום ערשטען מאָל פאַרזוכט דעם טעם פון אַן אינדזשאָנקשאָן. ווען מיר האָ־בען דעם ערשטען מאָל געקראָגען דעם אינדזשאָנקשאָן, האָבען מיר שוין פאַרשטאַנען אַז מיר זיינען געוואָרען אַ מאַכט און מען רעכענט זיך מיט אונז, נאָר צו קיין פרנסה איז עס אַלץ ניט געקומען. דערצו נאָך האָבען זיך דאַמאָלסט גענומען ענטוויקלען די אינדאָסטריעל וואָר־קערס, וועלכע האָבען געמאַכט ניט ווייניג צרות אין אונ־זערע רייהען.

אין 1903 האָבען מיר אָפּגעהאַלטען אונזער קאָנוועג־שאָן אין קליוולאַנד. מיר זיינען דאָרטען אויפגענומען גע־וואָרען ווי אַן אמת'ע אינטערנעשאָנאַל. עס איז ביי דיזער קאָנוועגשאָן אונז געלונגען צו סעטלען אַ סטרייק פון קאַטערס ביי דער פירמע „פּרינץ־בידערמאַן". ביי דעם באַנקעט וואָס די דאָרטיגע יוניאָנס האָבען פאַר אונז פאַר־אַנשטאַלטעט, איז מר. פּרינץ אַנוועזענד געווען און האָט געמאַכט אַ ספּיטש לויבענדיג אונזער אינטערנעשאָנאַל. זייט דאַן זיינען מיר געגאַנגען ריקווערטס ביז אין מיטען פון יאָהר 1905, ווען ארום אַ טויזענט ריפער מאַכער האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער אינטערנעשאָנאַל. עס איז אויך לעבעדיגער געוואָרען ביי די קלאָוקמאַכער. נאָר דאָס איז אַלץ ניט גענוג געווען אַריינצובלאָזען גענוג לעבען אין די פאַרטריקענטע ביינער פון אונזערע קלאָוקמאַכער. עס האָט אַפילו ניט געהאָלפען דער געוואונענער סטרייק פון די ריד־פער מאַכערס אין 1907. עס איז אַלץ פאַרפאַלען געווען, ווייל אין דער זעלבער צייט האָבען מיר געליטען אַ פאָר נידערלאַגעס. מיר האָבען פאַרלאָרען אַ דזשענעראַל סטרייק אין באָסטאָן. אויך אַ סטרייק אין קליוולאַנד. אויך האָבען מאַנכע פון אונזערע אָנגעשלאָסענע לאָקאַלען רעזיגנירט, ווייל מיר האָבען ניט געקענט לייסטען פאַר זיי קיינע מאָראַלע און פינאַנציעלע הילף ווען זיי האָבען עס נויטיג גע־דאַרפט. אַזוי האָט זיך אונזער מיזעראַבלע עקזיסטענץ געשלעפּט ביז ענדע 1909, ווען דער דרעס מאַכער סטרייק האָט אויסגעבראָכען.

ביי דער קאָנוועגשאָן אין קליוולאַנד אין 1903 איז ברודער שלעזינגער פון שיקאַגאָ געוועהלט געוואָרען געגען גראָסמאַנען אַלס אינטערנעשאָנאַל פּרעזידענט און ער האָט אָנגעהאַלטען דעם אמט ביז דער קאָנוועגשאָן אין באָסטאָן אין 1904, וואו דזשיימס מאַקאַל, פון די קאַטערס יוניאָן, איז געוועהלט געוואָרען פּרעזידענט געגען שלעזינגערן. ביי דיזער קאָנוועגשאָן איז אויך ערוויילט געוואָרען דזשאָן דייטש אַלס סעקרעטאַר.

אייגענטליך איז דייטש ביי דער קאָנוועגשאָן ניט ערוויילט געוואָרען, נאָר עס איז געוועהלט געוואָרען אַן אַנדערער, אַ באָסטאָנער, נאָר אַזוי ווי מיר האָבען זיך דערוואוסט, אַז דער ערוויילטער סעקרעטער האָט עפּעס געהאַט געלד־טראָבעל מיט אַן אַנאַרכיסטישען סענטער אין באָסטאָן, האָט די גאַנצע ניו יאָרקער דעלעגאַציע זיך צו־ריקגעצויגען און האָט באַשלאָסען ניט צו צאָהלען קיין פּערקאַפּיטאַ טעקס אַזוי לאַנג ווי ער וועט זיין סעקרעטער. דורך דעם, נאַטירליך, האָט די גאַנצע אינטערנעשאָנאַל געקענט צובראָכען ווערען, איז פּרעזידענט מאַקאַל גע־קומען קיין ניו יאָרק, און נאָך אַ קאָנפערענץ האָט ער

# צוויי יובילעאומס אין איין יאהר

## פון אברהם ראזענבערג

עקס-פרעזידענט אינט. לײדיס גארמענט וואָרקערס יוניאָן.

ווען איך האב זיך דערוואוסט, אז די דזשענעראל עקזעקוטיוו באָארד האט באשלאָסען צו פארוואנדלען די קאָנווענשאָן אין א 35 יעריגען יובילעאום קאָנווענשאָן, האט עס מיך זייער געפרייט. האָבען די יונגע דאָך ניט פארגעסען וואָס די אלטע האָבען אמאָל געטאָן. אין דער זעלבער צייט האב איך מיך ערָאינערט, אז די נײַע יאָרקער קלאָוק מאכער דארפען אויך פייערען דעם 50-יאָהריגען יובילעאום פון דער קלאָוק מאכער יוניאָן אין ניו יאָרק.

אין 1884 זיינען די ניו יאָרקער קלאָוקמאכער צום ערשטען מאָל ארויסגעגאנגען אין סטרייק און האָבען ארגאניזירט א שטיקעל יוניאָן. ווארים די ניו יאָרקער קלאָוק מאכער פייערען נישט דעם „יום טוב", איז אפשר דערפאר וואָס די איינגערע ווייסען דערפון נים, און פון די אלטע, גלויב איך קוים אויב עס איז נאָך געבליבען א פּאָר צענדליג. איך ווייס נים פון קיין איינציגען. צווישענס, זיינען די יוניאָנס אמאָליגע צייטען געוואקסען ווי שוועמלאך נאָך א רעגען. יעדען אנפאנג סעזאָן האט מען זיך ארגאניזירט אין א יוניאָן און ארויסגעגאנגען סטרייקען. געוואונען אדער פארלאָרען, האט מען די יוניאָן מעהר ניט געדארפט, ווייל דער גאנצער צוועק פון א יוניאָן דעמאָלט איז געווען נאָר דער סטרייק. און וויבאלד נים קיין סטרייק, פאר צו וואָס דארף מען א יוניאָן? אזא באגריף האט מען דאמאלס געהאט וועגען יוניאָנס, און ווייל די יוניאָנס פון אמאָל זיינען נים געווען קיין באשטענדיגע, לוינט זיך נים פון זיי צו מאכען קיין פאראראם.

אין יאָהר 1889 האָבען קלאָוקמאכער זיך ווידער צוזאמענגענומען צו גרינדען א יוניאָן, אבער דעמאָלט האָבען שוין עקזיסטירט די אידישע געווערקשאפטען און זיי האָבען אונז ארײַנגעשיקט א קאָמיטע מיט באראנדעס'ען אן דער שפּיץ צו העלפען אונז אין דער פארוואלטונג. איז אונז געלונגען אויפצובויען א יוניאָן מיט אומגעפער אכט טויזענט מיטגלידער. די דאָזיגע יוניאָן האט דורכגעמאכט — אויסער א צאָהל שאפּ סטרייקס — אויך אן אלגעמיינעם שטרייק וואָס האָט געדויערט זיבען וואָכען און וועלכען מיר האָבען פאלשטענדיג געוואונען. נאָר טראָץ דעם געווינס פון דעם גרויסען סטרייק איז אונז שווער געווען אויפצוהאלטען די יוניאָן אין איר גרויסקייט. מיר זיינען אריינגעשלעפּט געוואָרען אין א פּאָר שאפּ סטרייקס, און פילע פון אונזערע מיטגלידער, צוזאמען מיט אונזער סעקרעטער, יאָזעף באראנדעס, זיינען ארעסטירט געוואָרען אויף פארשידענע קלאגען זייטענס די מאנופעקטשורער. די טריעלס האָבען, נאטירליך, אונזער יוניאָן כמעט אינגאנצען צובראָכען. עס זיינען בלויז איבערגעבליבען א פּאָר הונדערט חסידים, וואָס האָבען געהאָפט אויף משיח'ן.

אין 1892 איז געקומען דער בארימטער קריזיס איבער'ן לאנד און עס איז געוואָרען א תל פון אונזער יוניאָן. אין דערזעלבער צייט האט זיך אין אונזער יוניאָן אנטוויקעלט אן אפּאָזיציע געגען באראנדעס'עס לידערשיפּ און די יוניאָן איז געשפּאלטען געוואָרען אין צווייען. די פּאָר צענדליג איבערגעבליבענע באראנדעסיסטען האָבען אנגעפאנגען טראכטען וועגען אנשליסען זיך אן א סערפערשאפט וואָס זאָל אונז קענען באשיצען.

די יונייטעד גארמענט וואָירקערס האָבען צו יענער צייט שוין פונקציאָנירט, האָבען מיר זיך אנגעשלאָסען אן זיי אלס לאָקאל 64.

אין 1893 האט די אידישע שריפטזעצער יוניאָן צוזאמענגעבראכט ביידע צדדים און געמאכט שלום צווישען אונז מיט דער אפּאָזיציע, און באראנדעס איז באזייטיגט געוואָרען פון דער יוניאָן.

עס פארדריסט מיר אָבער זעהר שטארק ווארום די ניו יאָרקער קלאָוקמאכער ווייסען ניט אז ערב יום כפור ווערט 40 יאָהר זינט די ניו יאָרקער קלאָוקמאכער זיינען ארויס אין דזשענעראל סטרייק פאר דער איינפיהרונג פון וואָך־ארבייט. דיזען סטרייק האט געדויערט ארום 6 מאָנאטען. עס איז אמת, אז יענער סטרייק איז נים געווען ערפאלגרייך. בלויז א קליינע צאָהל מאנופעקטשורערס האָבען געסעטעלט. דאָך אָבער האט דער סטרייק אויפגערודערט די גאנצע עפענטליכע מיינונג.

די געשיכטע פון דעם סטרייק איז ווי פאָלגט:

אין אנפאנג פון 1894, ווען די ביזנעס אין לאנד האט זיך אנגעפאנגען פארבעסערען, האט אונזער יוניאָן אויך אנגעפאנגען אויפבליהען. ארום מאָנאט דזשולי פון דעם זעלבען יאָהר האט אונזער יוניאָן שוין געצעהלט ארום 20 טויזענט מיטגלידער, כמעט א הונדערט פּראָצענט ארגאניזירט. מיר האָבען זיך גלייך גענומען פארבעסערען די מאטעריעלע צושטענדען פון די ארבייטער. שאפּ נאָך שאפּ זיינען די פּרייזען געהעכערט געוואָרען, מען זאָל קענען א לעבען מאכען, און אלץ איז געווען וואויל און פיין.

די מאנופעקטשורערס האָבען אָבער אנגעפאנגען צו שווינדלען. א גארמענט וואָס איז, למשל, געווען נומער הונדערט ביים סעטעלמענט און האט געקאָסט צוויי דאָלאר ארבייטס געלט, האָבען די מאנופעקטשורערס געביטען דעם טיקעט אויף עלף הונדערט, וואָס אין פּרייז־ליסט איז פארשריבען געווען 1 דאָלאר אדער א דאָלאר פופציג. דאָס, נאטירליך, האט די ארבייטער אריינגעבראכט אין א שרעקליכען כעס. דערצו האָבען מיר נאָך אויך זיך פארוויקעלט אין א פּאָר וויכטיגע שאפּ סטרייקס, וואָס מיר האָבען זיך נים געקענט ארויספּלאָנטערען, איז ביי אונז געבליבען צו רופען א דזשענעראל סטרייק פאר וואָך־ארבייט.



אברהם ראזענבערג

ווי ער האט אויסגעזעהן אין דער צייט פון דער גרינדונג פון דער אינטערנעשאָנאל.

טרעזשורי איבערגעלאָזען אַ סומע פון פערציג טויזענט דאָלאַר.

דערמיט ענדיג איך. די ווייטערע פּאַסירונגען זאָלען שרייבען די אינגערע, וועלכע האָבען עס מיטגעמאַכט. איך האָב עס געשריבען כדי די אינגערע זאָלען וויסען אַז פּאַרטיגע יוניאָנס זיינען פון הימעל ניטט אַרונטערגעפאַלען, נאָר אַז פאַר יעדען שריט האָט מען געמוזט שטאַרק קעמפען, אויך אַז יוניאָנס זיינען אַמאָליגע צייטען געווען זייער ניט פּאָפּולער. ווען איינער האָט באמת געוואָלט זיין אַ יוניאָן מאַן, האָט ער געוואוסט אַז ער וועט דאַרפען ליידען הונגער און נויט. זעלטען ווען האָט אַ באָס געוואָלט געבען אַ יוניאָן מאַן אַ דזשאָב. ניט נאָר די באָסעס, נאָר אויך די ברידער אַרבייטער האָבען ניט געוואָלט האָבען ביי זיך אין שאָפּ אַ יוניאָן מאַן, ער זאָל זיי קיין טראָבעל ניט פאַרשאַפען דורך סטרייקס. דאָך האָבען זיך געפונען הונדערטע וואָס האָבען זיך מקריב געווען צו בויען און אויפהאַלטען יוניאָנס, ביז אונזער שטרעבען איז ענדליך געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג.

* * *

דער רעדאַקטאָר פון דער „גערעכטיגקייט" האָט מיך געבעטען איך זאָל איהם אָנשרייבען אין קורצען מיין ביאָגראַפיע, ערפיל איך זיין וואונש, און אָט איז עס:

געבאָרען בין איך געוואָרען אין לאָמזשע, פּוילען, אַ צוואַנציג מייל ווייט פון וואַרשא. מיינע עלטערן, כאָטש ניט קיין רייכע, האָבען אָבער געפיהרט אַ בעל־הבית'יש הויז. מיין פאָטער איז געווען אַ תבואה סוחר. איך האָב אויך געקראָגען אַ פולשטענדיגע אידישע ערציאונג, ווי עס האָט זיך געפאַסט אין אַזאַ שטאָט ווי לאָמזשע.

צו קנאַפּע 13 יאָהר האָט מיין פאָטער מיך אַוועקגעשיקט לערנען אין דער סלאָנימער ישיבה. זייענדיג דאָרטען אַ שטיקעל צייט, איז מיר סלאָנים ניט געפעלען געוואָרען. איך האָב ניט געגליכען די שטאַרקע דיסציפּלין פון די משגיחים. פון דאָרטען בין איך אַוועק נאָך נאַוואָרידאָק, און פון נאַוואָרידאָק בין איך ענדליך אָנגעקומען נאָך מיר. אין דער מירער ישיבה האָב איך געלערענט אַרום אַ יאָהר צייט, דאַן בין איך צוריק אַהיים געקומען און געלערנט פאַר זיך אין בית־המדרש.

אין דער דאַמאָלסדיגער צייט האָט פּאַסירט די היניריכטונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען און עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען פּאָגראָמען איבער'ן לאַנד, אויך אין וואַרשא, און מען האָט געשמועסט אַז אויך ביי אונז אין שטאָט קלייבען זיך די גויים צו מאַכען אַ פּאָגראָם. מיר, די יונגוואַרג, האָבען אויפגעגעבען דאָס לערנען און זיך אָרגאַניזירט צו פאַרהיטען די שטאָט פון אַ פּאָגראָם.

ווען פון רוסלאַנד און פּוילען האָבען אָנגעפאַנגען גאַנצע גרופּעס אויסוואַנדערען נאָך אַמעריקע, האָב איך אויך געקראָגען דעם וואַנדערלוסט און איך בין פאַרקראַכען ביז בערלין. אין בערלין האָט אונז אַ קאָמיטע איבערגענומען און נאָכדעם ווי מען האָט אונז אַלץ אויסגעפרעגט און עקזאַמענירט, האָט מען מיך אַוועקגעשיקט נאָך מאַגדענבורג, דייטשלאַנד, צו אַרבייטען אין אַ סיגאַרעט פעקטאָרי. דאָרטען האָב איך אָפּגעאַרבייט אַ יאָהר צייט און דאַן צוריק אַהיים געפאָהרען. אָבער זייענדיג אַ צייט אין אַ ציוויליזירטע שטאָט, האָב איך שוין מעהר אין פּוילען ניט געקענט בלייבען. איך האָב אויסגעוואַנדערט נאָך אַמעריקע.

געקומען בין איך אַהער אין 1883. אַ שטיקעל צייט האָב איך דאָ זיך געפּלאָגט ווי אַלע גרינע. איך האָב געאַרבייט אין אַ סיגאַר פעקטאָרי פאַר צוויי דאָלאַר אַ וואָך. איך האָב מיך געלערנט צו זיין אַ באַרבער, געאַרבייט אין אַ מצה פעקטאָרי, נאָר איך האָב עס אַלץ ניט געגליכען. ענדליך בין איך געוואָרען אַ ביגלער ביי סלאָוס, און דערביי בין איך פאַרבליבען ביז 1890.

## מיין באַקאַנטשאַפט מיט סטרייקס און יוניאָנס

אין 1884 האָבען די קלאָוקמאַכער געהאַט זייער ערשטען סטרייק און איך בין אויך געווען איינער פון זיי, און אַזוי האָב איך מיטגעמאַכט כמעט אַלע סטרייקס. אין 1890, ווען באַראָנדעס האָט שוין געמענעדזשט אַ גרויסע יוניאָן, בין איך שוין געווען אַ ברענטש סעקרעטער און אַ מעמבער פון דער פינאַנס קאָמיטע.

אין דעם לאָקאַוט פון 1890 בין איך מיט אַ קאָמיטע געגאַנגען אָפּסטאַפּען שעפּער און בין פאַרוואונדעט געוואָרען אין אַ רעוואָלווער שיסעריי מיט סקעב באָסעס. איך בין נאָכדעם אָפּגעלעגען אַ פּאָר מאָנאַטען אין אַ האָספּיטאַל. זייט דאַן האָב איך געמוזט אויפגעבען די פּרעסעריי און בין געוואָרען אַן אָפּערייטאָר.

אין 1892 בין איך ערוועהלט געוואָרען אַלס פינאַנס סעקרעטער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. דעם אַמט האָב איך אָנגעהאַלטען ביז ענדע 1893. אין 1895, נאָך דעם פאַרלאָרענעם דזשענעראַל סטרייק, בין איך ערוועהלט געוואָרען אַלס אָרגאַנייזער, נאָר אַזוי ווי עס איז ניט געווען ניט קיין מיטגלידער, ניט קיין געלט, איז דער אַמט אויפגעגעבען געוואָרען.

אין 1897, ווען די יוניאָן האָט זיך רעאָרגאַניזירט, בין איך ווידער ערוויילט געוואָרען אַלס ביזנעס אייזשענט. דיזען אַמט האָב איך אָנגעהאַלטען ביז אָנפאַנג פון 1899. צום סוף יאָהר האָט זיך געגרינדעט די אינטערנעשאָנאַל. זייט דאַן האָב איך ניט פאַרפעלט צו זיין אַ דעלעגאַט פון קיין קאָנווענשאָן אויסער צוויי, איינע אין 1906 אין ניו יאָרק און די צווייטע אין שיקאַגאָ אין 1920. איך האָב געהאָלפען אויסאַרבייטען די קאָנסטיטוציע מיט דעם פּונקט וואָס זאָל צווינגען די קאַטערס אַרונטערצונעמען זייערע מיטגלידער ווען די דזשאָינט באָארד רופט אַ סטרייק אין אַ שאָפּ. פריהער האָט זיך געפיהרט, אַז די קלאָוק מאַכער האָבען געסטרייקט, זיינען די קאַטערס געבליבען אַרבייטען. עטלאַכע יאָהר האָבען מיר פּרובירט אויסבעסערען די קאָנסטיטוציע און איינשטעלען אַזאַ פּונקט, נאָר די קאַטערס פלעגען עס ניט דערלאָזען. זיי האָבען ביי די קאָנווענשאָנס גערעדט ענגליש און פילע פון אונזערע דעלעגאַטען האָבען קיין ענגליש ניט פאַרשטאַנען, אַז עס פלעגט קומען צום שטימען, האָבען פילע פון די אידישע דעלעגאַטען געשטימט מיט זיי. זיינען מיר געפאַלען אויף אַ פּלאַן, מיר זאָלען ערוועהלען אַ פלאָר לידער ער זאָל אַכטונג געבען ווי מען שטימט. איך בין אויסגעקליבען געוואָרען אַלס דער פלאָר לידער. איך האָב אינסטרואירט אַלע אידישע דעלעגאַטען זיי זאָלען אַכטונג געבען ווי איך שטים, אַזוי זאָלען זיי אויך שטימען. אויף אַזאַ וועג האָבען מיר דורכגעפיהרט די קאָנסטיטוציע.

אויף דער קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיא אין 1908 בין איך געוועהלט געוואָרען פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל און האָב אָנגעהאַלטען דעם אַמט ביז 1914.

אין 1914, ווען שלעזינגער האָט פון מיר איבערגענומען די פּרעזידענטשאַפט, האָט ער מיך אַריבערגעשיקט נאָך באָסטאָן צו פאַרנעמען דעם אַמט אַלס מענעדזשער פון דער באָסטאָנער דזשאָינט באָאַרד. איך בין מיט זיי געשטאַנען ביז ענדע 1916.

אין 1917, ווען דער באַריהמטער משה רובין האָט געוואָלט אָפּרייסען לאָקאַל איינס פון דער אינטערנעשאָנאַל, האָט פּרעזידענט שלעזינגער געשיקט נאָך מיר און האָט מיך מיט פּרץ קאָטלער'ן איבערגעגעבען דעם דזשאָב צו רעאָרגאַניזירען דעם לאָקאַל. אין אַ פּאָר מאָנאַטען צייט האָבען מיר געמאַכט דעם דזשאָב אַ הונדערט פּראָצענט.

אין 1920 האָט די ניו יאָרקער דזשאָינט באָארד מיך אָנגעשטעלט צו מענעדזשען דעם האַרלעם אָפיס. אַ צייט שפּעטער האָט מען מיך טראַנספערירט צו מענעדזשען די דזשוירזי לאָקאַלס. דאָרטען בין איך געשטאַנען ביז ענדע 1928.

אין 1930, ווען פּרעזידענט דובינסקי, דאַמאָלסט דער סעקרעטער, האָט געוואָלט אַרויס'פּטר'ן אַ גרעפּטער פון די אויט־אָוו־טאַון לאָקאַלס, האָט ער געשיקט נאָך מיר און מיר איבערגעגעבען דעם דזשאָב איבערצונעמען די מענעדזשמענט פון די וועסטשעסטער לאָקאַלען. איך האָב דעם אַמט אָנגענומען און פּטור געוואָרען פון דעם גרעפּטער. איך האָב דעם אַמט אָנגעהאַלטען ביז צו דער קאָנווענשאָן פון 1932. זינט דיזער קאָנווענשאָן, ווען איך האָב געהאַט דעם עקסידענט און אַ צייט לאַנג קראַנק געווען, האָב איך געמוזט אויפגעבען מיין טעטיגקייט אין דער באַוועגונג.

ענטשידען אז דער ערוויילטער סעקרעטער קען דעם אמט ניט באקליידען און אויף זיין פלאץ איז דייטש אויסגעקליבען געווארען און האט זיין אמט געהאלטען ביז 1914.

דער יאר 1907 ביז 1908 איז געווען דער ביטערסטער וואס אונזער אינטערנעשאנאל האט דורכגעמאכט. דורך דיזען יאהר זיינען די ניו יארקער קאטערס אויסגעשלאסען געווארען פון דער אינטערנעשאנאל פאר פארלעצען יוניאן עטיקס. אזוי ווי דער פרעזידענט איז דעמאלט געווען א קאטער, איז ער נאטירליך אויסגעשלאסען געווארען פון זיין פרעזידענטען אמט און דעם טשער האט פארנומען ברודער טשארלס דשייקאבסאן, וועלכער איז געווען דער ערשטער וויס־פרעזידענט.

צו דער קאנווענשאן פון 1908, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין פילאדעלפיא, זיינען געקומען 17 דעלעגאטען, און מאנכע פון זיי זיינען געגאנגען צופוס, ווייל אויף טריין־געלד האבען זיי ניט געהאט. דיזע קאנווענשאן האט אויסגעזעהן מעהר ווי א לוויה איידער א קאנווענשאן. אונזער מעמבערשיפ איבער'ן לאנד איז באשטאנען פון וויניגער ווי צוויי טויזענט. ווען עס איז געקומען צו ערוויילען בעאמטע האבען זיך אלע ענטזאגט. קיינער האט ניט געוואלט נעמען אויף זיך די פאראנטווארטליכקייט צו זיין ביי דער לוויה פון דער אינטערנעשאנאל. מען האט דעם אמט ממש ארויפגעצוואונגען אויף מיר, און איך האב עס אנגענומען, נאכדעם ווי אלע דעלעגאטען האבען געשווארען זיך אריינצואווארפען אין דער ארבייט. ביי דיזער קאנווענשאן איז אויך באשלאסען געווארען צו האלטען קאנווענשאנס איין מאל אין צוויי יאר אנשטאט אלע יאר, כדי מען זאל האבען מעהר צייט צו טאן ארגאניזאציאנס־ארבייט.

אלזא, איך האב מיך גלייך גענומען צו דער ארבייט. מיין ערשטע ארגאניזאציאנס־רייזע איז געווען נאך באסטאן, וואו די יוניאן האט מיט צוויי יאהר צוריק פארלארען א סטרייק און די יוניאנס זיינען צושאסען געווארען. צופעליגערוויזע האט דארטען דאמאלסט די פעדערישאן אפגעהאלטען א קאנסיל מיטינג. איך האב מיך דאמאלסט געווענדעט צו פרעזידענט גאמפערס און איהם דערצעהלט אונזער פינאנציעלע לאגע. די פעדערישאן האט דאן אונז געגעבען הונדערט דאלאר און איך האב שוין געהאט מיט וואס אנצופאנגען. מיר האבען אפגעהאלטען א פאר מיטינגען, וואו עס איז אונז געלונגען אויפצולעבען די באסטאנער פרעסערס לאקאל 12. אויך די באסטאנער קלאוק מאכער לאקאל 56. א פאר וואכען שפעטער האב איך מיך צוריקגעקערט נאך ניו יארק מיט דעם ערשטען ערפאלג.

שפעטער אביסעל האט זיך מיר געמאכט א געלעגענהייט צו פאהרען נאך שיקאגא. די שיקאגאער קלאוקמאכער האבען זיך גענויטיגט אין א מענעדזשער. זיי האבען זיך ביי מיר אנגעפרעגט אויב איך וויל אננעמען דעם אמט. איך האב זיי, נאטירליך געענטפערט, אז איך נעם אן, טראצדעם וואס די שיקאגאער קלאוק מאכער זיינען דאמאלסט ניט געווען פארבונדען מיט אונזער אינטערנעשאנאל, האב איך אבער גערעכענט אז דורך מיין אנוועזענהייט דארטען וועלען זיי זיך ווידער אנשליסען אן דער אינטערנעשאנעל. זיי האבען מיר נאטירליך געשיקט רייזעקאסטען און איך בין אוועק קיין שיקאגא. זייענדיג דארטען א פאר מאנאטען און ניט קענענדיג זיי באוועגען אנצושליסען זיך אן דער אינטערנעשאנאל, האב איך ענדליך פארלאזען שיקאגא. דורך דער צייט פון מיין זיין אין שיקאגא, האב איך געמאכט פארבינדונגען מיט קלאוק מאכער פון קליוולאנד און סינסינעטי. אביסעל געלט האב איך שוין געהאט, ווייל אין שיקאגא האב איך שוין געקראגען וויידזשעס, האב איך זיך ארויסגעלאזען אויף אן ארגאניזאציאנס טור. איך בין אוועק נאך קליוולאנד און אין אייניגע וואכען האב איך דארטען ארגאניזירט דריי לאקאלען: די קלאוק מאכער, פרעסערס און סקוירט מאכער. פון דארטען בין איך אוועק נאך סינסינעטי. אויך דארטען האב איך ארגאניזירט א לאקאל פון קלאוקמאכער. פון סינסינעטי בין איך אוועק נאך סענט לואיס, נאר דארטען האב איך קיין ערפאלג ניט געהאט. דער סענטימענט פון די אינדאסטריעל ווארקערס איז דארטען גאנץ שטארק געווען און איך האב גארניט געקענט אויפטאן, און האב מיך צוריקגעקערט נאך ניו יארק.

אין דזשענעראל אפיס האט שוין אנגעפאנגען ווערען לעבעדיגער. אביסעל געלד איז אריינגעקומען פון די נייע ארגאניזירטע לאקאלען. אויך איז געשלאסען געווארען שלום מיט די ניו יארקער קאטערס. דאן האבען מיר אנגעפאנגען טראכטען וואס ווייטער צו טאן. דער פלאן אונזערער איז געווען אנפאנגען אן אגיטאציע פאר א דזשענעראל סטרייק אין קלאוק טרייד, ווייל מיט סינגעל שאפ סטרייקס זיינען מיר אימער דורכגעפאלען. פון אנפאנג איז די אגיטאציע אנגעגאנגען בלויז ביי די לאקאל מיטינגען, וואו א פאר צענדליג פון אונזערע איבערגעבענע מיטלידער פלעגען באזוכען. נאר וואס ווייטער איז דער געדאנק פון א דזשענעראל סטרייק מער פארשפרייט געווארען צווישען די קלאוק ארבייטער.

אין דעצעמבער 1909 האט די וויסט מאכער יוניאן ערקלערט דעם דזשענעראל סטרייק און ארום צוואנציג טויזענט וויסט מאכער האבען געענטפערט דעם סטרייק־רוף. ווען דער סטרייק איז געענדיגט געווארען, אויב אפילו ניט מיט קיין גוואלדאוונעם זיג, איז געבליבען א יוניאן מיט א שיינע פאר טויזענט מיטגלידער.

אין דער צייט פון דעם ניו יארקער סטרייק זיינען אויך די פילאדעלפיער וויסט מאכער ארויסגערופען געווארען אין סטרייק. דער שרייבער פון דיזען ארטיקעל איז אינסטרואירט געווארען צו זיין דער פילאדעלפיער סטרייק פיהרער. נאך פילע וואכען סטרייקען און האבענדיג אן אינדזשאנקשאן געגען זיך, איז עס אונז דאך געלונגען דעם סטרייק צו סעטלען טיילוויז. אויך דארטען איז געבליבען א שטארקע יוניאן.

נאך די טיילווייזע זיגען פון די וויסט מאכער סטרייקס, האבען זיך די ניו יארקער קלאוקמאכער ארומגעזעהען אז מיט גרויסע מאסען פאראייניגט קען מען זעהר פיעל אויפטאן, און די סטרייק באוועגונג האט געקראגען א שטארקען שטויס פארווערטס. צו דער קאנווענשאן וואס איז אין ספרינג 1910 אפגעהאלטען געווארען אין באסטאן זיינען שוין די ניו יארקער דעלעגאטען געקומען אינסטרואירט צו שטימען פאר א דזשענעראל סטרייק. די קאנווענשאן האט עס כמעט איינשטימיג אנגענומען.

א קאמיטע פון דריי, באשטייענד פון סעקרעטער דייטש, סאל פאלאקאף, ערשטער וויס פרעזידענט, און פרעזידענט א. ראזענבערג, זיינען אפאינטעט געווארען צו באשטימען דעם טאג ווען דער סטרייק זאל ארויסגערופען ווערען.

דער סטרייק איז גערופען געווארען דעם 7טען דזשולי 1910, און ביז פארנאכט זיינען אלע שעפער אויסגעליידיגט געווארען פון ארבייטער. ניט נאר קלאוקמאכער האבען געסטרייקט, נאר אויך לידיס טיילארס, אלטעריישאן שניידער פון די גרעסטע דעפארטמענט סטארס, אויך די ריינקאוט מאכער האבען זיך דאמאלס ארגאניזירט און מיטגעסטרייקט מיט אונז. הכלל, מיר האבען געהאט אן ארמיי פון זיבעציג טויזענט סטרייקער.

דער סטרייק איז ענדליך געסעטעלט געווארען דעם 2טען סעפטעמבער אויף א פלאן פון פרעפערענשעל יוניאן שאפ, דאס הייסט, ווען א באס דארף האבען ארבייטער און עס מעלדען זיך יוניאן און ניט יוניאן ארבייטער, דארפען די יוניאן לייט קריגען די דזשאבס. דאס זעלבע, ווען ארבייטער דארפען אוועקגעשיקט ווערען — זאלען פריהער די ניט יוניאן לייט אוועקגעשיקט ווערען. אויבערפלעכליך האט עס אויסגעזעהען ניט איבעריגס גוט, אז נאן־יוניאן לייט זאלען קענען צוזאמען ארבייטען מיט יוניאן לייט. עס האט זיך אבער דערפון ענטוויקעלט א פאלשטענדיגער קלאוזד יוניאן שאפ.

זינט דעם זיג האבען די ארבייטער אין אונזער אינדוסטריע אויפגעוואכט איבער'ן לאנד און האבען אנגעפאנגען זיך ארגאניזירען.

אין 1912 איז די אינטערנעשאנאל מיטגלידערשאפט באשטאנען פון הונדערט און צוואנציג טויזענט דיוס־צאהלענדע, און אין 1914, ווען דייטש, פאלאקאף און דער שרייבער פון די שורות האבען פארלאזען זייערע אינטערנעשאנאל עמטער, האבען מיר אין דער אינטערנעשאנאל

האלבער דאלער אין יענע צייטען ביי א אידישען ארבייטער איז געווען א גרויסע סומע געלד.

אזוי ווי די פירער פון יענער נייער קלאוק מאכער יוניאן האבען זיך געקליבען גלייך ארויסצורופען א גענעראל סטרייק, האט מען גלייך אנאנסירט אז דעם קומענדען דינסטאג וועלען פארקומען גרויסע מאסענפארזאמלונגען אין אלע 6 האלס פון דעם נאלדען רול האל, אין 125 ריווינגטאן סטריט, וואו מ'וועט באקאנט מאכען וועגען דער פראגע פון א סטרייק. יענע מאססמיטינגען זיינען גערופען געווארען אויף ביימאנ. דאס האט ארויסגערופען גרויס פרייד ביי די קלאוק מאכער, נוייל וואס, וואס, ארויסגיין אין א סטרייק האבען יענע גרינע קלאוקמאכער, וועלכע האבען געשקלאפט אונטער שרעקליכע צושטענדע, זעהר געגליכען.

ביי יענע מאססמיטינגען אין נאלדען רול האל, וואו עס זיינען אנוועזענד געווען איבער צוויי טויזענט קלאוק מאכער, האט גענאסע קאהאן געהאלטען זעקס רעדעס, — א רעדע אין יעדען האל. די באגייסטערונג איז דאן געווען זעהר גרויס און כמעט אלע אנוועזענדע האבען זיך פארשריבען אין דער יוניאן און האבען איינגעצאלט צו האלבע דאלער און קוואדערס.

דער סטרייק האט געדויערט בלויז צוויי וואכען צייט. יעדען טאג פון סטרייק, נאכ'ן פיקעטען, פלעגען געהאלטען ווערען מאססמיטינגען, וועלכע גענאסע קאהאן האט אדרעסירט.

וועהרענד דער צייט פון סטרייק, אין מאנאט אויגוסט, איז געווען דער ברען פון סיזאן. זיינען די פאבריקאנטען און די קאנטראקטארס פון די סוועט שעפער געקומען אין דער יוניאן און האבען אונטערגעשריבען די נייע פרייזליסטען פאר נעהעכערטע צאלונגען פאר דער ארבייט.

מ'מעג זאגען דעם אמת, אז אין יענע ערשטע יאהרען פלעגען אלע אידישע יוניאנס נים לאנג עקזיסטירען. אויך יענע קלאוק מאכער יוניאן איז אין א יאהר ארום געווארען שוואך, און אן אפריל, 1886, האט דער „אידישער ארבייטער פאראיין" פון דאס ניי רעארגאניזירט די יוניאן, און די רעארגאניזירטע קלאוק מאכער יוניאן האט ארויסגערופען א נייעם גענעראל סטרייק מיט די פאדערונגען אפצושאפען דעם סוועט־סיסטעם און אז די גרויסע קלאוק מאנופעקטשורערס זאלען ארייננעמען אלע סוועט שאפ ארבייטער אין די אינסייד־שעפער. לײדער איז יענער סטרייק נים געוואונען געווארען.

אין יאהר 1890, ווען די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען האבען שוין עקזיסטירט קנאפע צוויי יאר, — האט זיך דיזע צענטראלע קערפערשאפט פון אלע אידישע יוניאנס ארייגגעווארפען אין דער ארביים ווידער צו גרינדען א קלאוק מאכער יוניאן פון גאנצען טרייד. דאס איז געווען דעמאלט, ווען די געווערקשאפטען האבען געשיקט יאזעף באראנדעס אנצופיהרען איינעם פון די אמאליגע גרויסע קלאוקמאכער סטרייקס. די יוניאן האט דאן פארמאגט א מעמבערשיפ פון זיבען טויזענד.

די מאססענפארזאמלונגען, וועלכע זיינען געהאלטען געווארען ביי יענער נייער אפערייטארס און קלאוק מאכער יוניאן נומער 1, פלעגען פארקומען אם מערסטען אין קופער יוניאן, וואו די הויפט רעדנער זיינען געווען גענאסע אב. קאהאן, אלעקסאנדער יאנאס און יאזעף באראנדעס, א חוץ רעדנער פון דער סענטראל לייבאר פעדערײשאן.

יענע מאססמיטינגען ביי די קלאוק מאכער האבען שוין געטראגען אן אנדער כאראקטער. די קלאוק מאכער פון יענער צייט האבען שוין אביסעל מעהר געוואוסט וועגען א יוניאן. זיי האבען שוין געהאט פאר 7-8 יאהר צייט אביסעל געלערענט פון דער נויטווענדיגקייט צו האבען א שטענדיגע יוניאן.

עס האט אבער דאמאלס פאסירט דאס פאלגענדע: יאזעף בארנדעס איז געשיקט געווארען פון די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען צו יענער קלאוק מאכער יוניאן. ער איז געווען א מעמבער פון דער סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי, און די פיהרער פון דער יוניאן זיינען דאן געווען מיסטענס אנארכיסטען, איז בארנדעס ארונטערגעפאלען אונטער זייער איינפלוס און ער פלעגט דאן איינלאדען צו די מיטינגען אנארכיסטישע רעדנער. מאסען קלאוק מאכער האבען אבער געפאדערט אז מ'זאל רופען סאציאליסטישע רעדנער, ווי אב. קאהאן, מ. זאמעטקין און אלעקסאנדער יאנאס. יאזעף בארנדעס האט דאן אויך איינגעלאדען אלס זיין מיטארבייטער אין יענעם סטרייק א געוויסען פראפעסאר טאמאס ה. גארסייד, אן אנארכיסט.

יענער קלאוק מאכער סטרייק, אין פרילינג פון 1890, איז געוואונען געווארען. די יוניאן איז געווארען מעכטיג. אבער די רייכע קלאוק מאנופעקטשורערס האבען איינגעזעהן אז דיזע קלאוק מאכער יוניאן וועט זיין א געפאר פאר זיי. האבען זיי זיך ארגאניזירט אין א באסעס אססאסיאיישאן און האבן אין מאנאט מאי פון דעמעלבען יאהר געמאכט א לאקאוט אויף אלע קלאוק מאכער. זיבען טויזענד קלאוק מאכער האבען זיי דאן ארויסגעווארפען אין גאס.

יענער קאמף האט געדויערט צוועלף וואכען. די סטרייקערס האבען געליטען הונגער אבער די באסעס האבען נים געוואלט אנערקענען די יוניאן.

דעם 12טען יולי, 1890, איז פארגעקומען א קאנפערענץ פון פארשטעהער פון דער קלאוק מאכער יוניאן מיט די קלאוקס פאבריקאנטען וועגען א סעטעלמענט פון לאוקאוט. דער פארשטעהער און „סעטלער" פון דער יוניאן איז געווען פראפעסאר גארסייד, וועלכער האט געשלאסען א פרידענס־קאנטראקט מיט די באלעבאטים, וועלכע האבען איינגעוויליגט צו אנערקענען די יוניאן און האבען צו געשטימט אז אלע אנדערע סכסוכים זאלען ארביטרירט ווערען, אבער וועגען העכערען די פרייזען און אוועקשיקען די סטרייק־ברעכער איז קיין ווארט נים געווען אין יענעם קאנטראקט.

ביי א גרויסען מאססמיטינג פון יענע סטרייקענדע קלאוק מאכער, אין ניו עווערעט האל, 31 איסט 4טע סט., די גרעסטע האל וואס איז דאן געווען אויף דער איסט סייד, וואס האט ארייננענומען א דריי טויזענד מענשען, איז גענאסע אב. קאהאן ווידער געווען דער הויפט רעדנער.

ביי יענעם מיטינג האט גענאסע קאהאן פארגעלעזען דעם קאנטראקט אין ענגליש, וואס גארסייד האט אונטערגעשריבען מיט די קלאוק פאבריקאנטען און האט איהם איבערזעצט אויף אידיש. די גרויסע מאסע סטרייקענדע האבען איינגעזעהן אז גארסייד האט זיי פארראטען.

עס איז געווארען א גרויסער טומעל און ווען עס איז געלונגען זיי איינצושטילען איז כמעט איינשטימיג באשלאסען געווארען פארצוזעצען דעם סטרייק ביז די באלעבאטים וועלען נאכגעבען אלע פאדערונגען פון די קלאוק מאכער. די דראמאטישע סצענעס וואס זיינען דאן פארגעקומען וועל איך קיינמאל נים פארגעסען.

גענסע קאהאן האט דאן ווידער גענומען דאס ווארט און געפרעגט ביים גרויסען עולם, וואס זאל מען ווייטער טאן?

די מאסען האבען אויסגעשריען: סטרייקען ביז מיר וועלען געווינען וואס אונז קומט.

***

עס איז פאר מיר נים נויטיג צו דערצעהלען וועגען דער ווייטערדיגער טעטיגקייט פון גענאסע אב. קאהאן פאר דער קלאוק מאכער יוניאן און פאר דער אינטערנעשאנעל. דאס איז שוין נים מעהר אלטע געשיכטע, וואס מען דארף דערמאנען. די ווייטערדיגע געשיכטע פון גענאסע קאהאן'ס טעטיגקייט פאר דער אינטערנעשאנעל און פאר דער גאנצער אידישער ארבייטער באוועגונג איז פארשריבען אויף די בלעטער פון „פארווערטס". די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנעל ווייסען, אז עס איז נים געווען איין וויכטיגער מאמענט אין דעם לעבען פון דער אינטערנעשאנעל, צי אין פריידען צי אין לײדען, אין וועלכען גענאסע אב. קאהאן האט נים גענומען א נאהענטען און ווארימען אנטייל, און נים בלויז אלס דער רעדאקטאר פון „פארווערטס" נאר אויך פערזענליך.

אבער מיין צוועק איז דא נים צו דערצעהלען אלץ וואס גענאסע קאהאן האט געטאן פאר דער אינטערנעשאנעל. איך האב דא בלויז געוואלט דערצעהלען וועגען זיין חלק אין העלפען שאפען די אינטערנעשאנעל און אז ער איז געווען איינער פון איהרע בויער.

# די מייסטער־בויער פון דער אינטערנעשאנאל

## אב. קאהאן

פון ב. הויינשטיין

מען קען ניט דערצעהלען די געשיכטע פון דער אינ־טערנעשאנאל ניט דערמאנענדיג דעם נאמען פון גענאסע אב. קאהאן, פונקט ווי מען קען ניט דערצעהלען די גע־שיכטע פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג אין אל־געמיין אין אמעריקא ניט דערמאנענדיג דעם נאמען אב.



**אב. קאהאן**

ווי ער האט אויסגעזעהן אין 1885.

קאהאן. ער איז געווען איינער פון די, וואס איז גע־שטאנען ביי איהר וויגעל, און מען קען זאגען, אז אויף זיינע הענד האט זי געפאקט און געמאזעלט ביז זי איז אויסגעוואקסען און האט זיך אויף איהרע פיס געשטעלט.

גענאסע אב. קאהאן האט זיך ניט פארנומען מיט דער טעגלישער ארבייט פון ארגאניזירען די אינטערנעשא־נאל, אבער ער איז דאך געווען איינער פון איהרע בויער און גרינדער. מיט זיין אונערמידליכער אגיטאציע און פראפאגאנדע פאר סאציאליזם און טרייד יוניאניזם האט ער ניט נאר אין אלגעמיין געשאפען דעם באדען, אז די אינטערנעשאנאל און אנדערע יוניאנס פון אידישע אר־בייטער זאלען קענען געשאפען ווערען, נאר עס איז געווען זיין אגיטאציע, זיינע באגייסטערענדע רעדעס אויף די ארגאניזאציאנס־פארזאמלונגען און סטרייק מיטינגען פון די קלאוקמאכער וואס האבען געהאלפען ארגאניזירען א קלאוקמאכער יוניאן פון וועלכער עס איז שפעטער ארויס־געוואקסען די אינטערנעשאנאל.

אב. קאהאנ׳ס אגיטאציאנס־ארבייט צווישען די קלאוק מאכער האט זיך אנגעפאנגען אין יאהר 1884, ווען עס האט זיך געגרינדעט דער „אידישער ארבייטער פאראיין", וואס האט זיך געשטעלט די אויפגאבע צו פארשפרייטען דעם סאציאליסטישען געדאנק צווישען די אידישע אר־בייטער און זיי ארגאניזירען אין יוניאנס.

די צאהל פון אידישע רעדנער אין ניו יארק און דערצו נאך פון גוטע אידישע רעדנער איז דעמאלט גע־ווען זעהר א קליינע. מען האט זיי געקענט אויסצעהלען אויף די פינגער. איינער פון זיי איז געווען אב. קאהאן. ער איז נאך דעמאלט געווען נים לאנג אין אמעריקא, אבער ער האט זיך מיט זיינע פעהיגקייטען, מיט זיין שרייבען און ריידען גיך געמאכט א נאמען.

אב. קאהאן האט גלייך ווי ער איז געקומען אין אמעריקא אנגעפאנגען האלטען רעדעס אין רוסיש אגן אידיש וועגען סאציאליזם. ער איז געווען איינער פון די ערשטע, וואס האבען אנגעפאנגען האלטען רעדעס וועגען סאציאליזם אויף אידיש און ער האט געזוכט צו ווירקען אויף די אנדערע פון זיינע חברים, אז זיי זאלען איהם נאכטאן. ער פלעגט ריידען צו די ארבייטער אויף עבט מאמע לשון. ער האט זיי ערקלערט וואס סאציאליזם איז און ווי וויכטיג עס איז פאר זיי זיך צו ארגאניזירען אין יוניאנס. און ער האט געהאט מיט זיינע רעדעס א זעהר גרויסען ערפאלג. זיינע רעדעס זיינען דעמאלט געווען פול מיט פייער, מיט קראפט, וועלכע פלעגען ארויסרופען ביי די אמאליגע אידישע מאסען גרויסען ענטוזיאזם און זיי פלעגען באגייסטערט ווערען פאר דעם סאציאליזם, וועלכער וועט באפרייען די ליידענדע מענשהייט.

***

איך געדענק א מאס־מיטינג וועלכען דער אידישער ארבייטער פאראיין פון ניו יארק האט גערופען פאר קלאוקס־ארבייטער אין דעם אמאליגען גרויסען האל, פון „הערים אסעמבלי רומס", אין 177 איסט בראדוויי, וואו עס זייבען געווען א 600 זיץ־פלעצער. דאס איז געווען אין מאנאט אוגוסט, 1885. גראד האט דעם ערשטען מאי פון קומענדיקען יאר זיך געדארפט אנפאנגען גענעראל־סטרייקס איבער׳ן גאנצען לאנד מיט דער פאדערונג פאר און 8־שטונדיגען ארביטס־טאג.

פאר די קלאוק מאכער האט עס דאן אפילו געקלונגען מאדנע, ווייל ווען עס איז געווען ביזי ביי קלאוקס הא־בען זיי געדארפט דרייען די מאשין מיט זייערע אייגענע פיס פון 18 ביז 20 שעה אין מעת־לעת, און דא געהען די ארגאניזירטע ארבייטער אין אמעריקע פאדערען נאר נישט־מעהר ווי 8 שעה א טאג.

דער הויפט רעדנער ביי יענעם קלאוק מאכער מיטינג איז געווען גענאסע אב. קאהאן. דער האל ביי יענעם מאס־מיטינג איז געווען אזוי געפאקט מיט קלאוק מאכער אז די רעדנער האבען קוים זיך געקענט דורכשלאגען צו דער פלאט־פארמע. יענער היסטארישער מיטינג איז ערעפענט גע־ווארען פון בענדזשאמין (ביומא) גרעטש, א געוועזענער סטודענט פון נאוואראסייסקי אוניווערזיטעט אין אדעס און דא איז ער געווען א קאמיטע־מאן פון „אידישען אר־בייטער פאראיין" צו ארגאניזירען א יוניאן פון קלאוק מאכער.

די רעדע וואס גענאסע קאהאן האט דאן געהאלטען האט שטארק באגייסטערט די קלאוק מאכער. זיינע לא־גישע ארגומענטען האבען שטארק אפעלירט צו די צוהערער.

עס האבען ביי יענעם מיטינג אויך גערעדט יעקב שעהן, ס. גלאס, לואיס סמיטה, און א מאשינער, א קלאוק מאכער.

ביומא גרעטש, וואס האט יענעם אווענט פיגורירט אלס דער סעקרעטער, האט פארשריבען א 500 נייע מיט־גלידער, וועלכע האבען אויפ׳ן שטעל איינגעצאהלט צו 60 סענט יעדער איינטריטס געלד אין דער יוניאן. א

באראַנו עס איז געבליבען פאַרבונדען מיט דער קלאוק מאכער יוניאַן ביז צום סוף פון 1894. ער האָט אין דער לעצטער צייט געהאַט א סך געגנער, וואס האָבען איהם זעהר שארף באקעמפט, און ער האָט געפיהלט, אז ער דארף אוועקגעהן. ער איז אָבער געבליבען א פריינד פון די קלאוק מאכער אפילו נאָכדעם, ווען ער איז שוין אין גאנצען אוועק פון דער ארבייטער באוועגונג און איז געווארען א אידישער כלל טוער.

*
* *

באראַנדעס איז געווען א מענש מיט א ווארים הארץ און וואָס מען רופט א מענש א בעל טובה, אָבער איהם האָט געפעהלט כאראקטער־פעסטקייט און שטאַנדהאפטיגקייט אין מיינונגען און דאָס האָט איהם פארשאפט א סך צרות, ווען ער איז געווארען א פיהרער אין דער ארבייטער באוועגונג. עס איז דעמאָלט אנגעגאנגען א שארפער קאמף צווישען די סאָציאַליסטען און אנארכיסטען און פאר באראַנדעסען איז געווען שווער צו באַשטימען צו וועלכען לאגער ער באלאנגט. ווען ער איז געקומען צו די קלאוק מאכער איז ער געווען א סאָציאַליסט, אָבער ער איז שפּעטער געווארען נאָהענט צו די אנארכיסטען און נאָך שפּעטער איז ער ווידער צוריק געקומען צו די סאָציאַליסטען. דאָס קען טיילווייז אנטשולדיגט ווערען דערמיט, וואס ער איז נאָך דעמאָלט געווען גאנץ יונג. אין גאנצען 22 אדער 23 יאהר אלט. ער איז געבוירען געווארען אין 1867 און אין אמעריקע איז ער געקומען אין יאר 1888.

זיין באקאנטשאפט מיט סאָציאַליזם און מיט אנארכיזם האָט באראַנדעס באקומען ערשט אין אמעריקע. אין דער אלטער היים האָט ער זיך פארנומען מעהר מיט אידישע לימודים. דערצו איז ער אין אלגעמיין געווען פריער ווי אלץ א געפיהלס מענש און ערפאהרונג האָט ער אין יענער צייט געהאַט ווייניג. איהם האָט נאָר ארויסגעטראגען זיין איבערגעבענהייט צו דער זאך און זיין רעדנער טאלאנט מיט וועלכען ער האָט דעמאָלט געהאַט א גוואלדיגע ווירקונג אויף זיינע צוהערער. ער האָט אויך געהאט מאנכע אנדערע חסרונות. זיין האלטונג איז אָפט געווען וואס מען רופט טעאַטראַליש. און ער האָט געהאט דערצו די שוואכקייט ליב צו האָבען כבוד. ער איז לויט זיין גאנצער ערציאונג און האלטונג געווען מעהר צוגעפאסט צו אלגעמיינער אידישער כלל טועריי, ווי צו זיין א פיהרער פון ארבייטער. אָבער עס האָט איהם אלע מאָל געצויגען צו דער ארבייטער באוועגונג. און אפילו אין דער צייט ווען ער איז שוין געווארען א פיהרער אין דער ציוניסטישער באוועגונג און אן אלגעמיינער פראָמינענטער אידישער קהל'שער טוער פלעגט זיך איהם בענקען נאָך דער ארבייטער באוועגונג.

# הערמאַן גראָסמאַן, דער ערשטער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאַנאַל

### פון סאָל פּאָליאַקאָף.

דאָס איז געווען מיט 37 יאהר צוריק. אין אָנפאנג פון 1897. א קורצע צייט נאָך מיין קומען פון לאָנדאָן, ענגלאנד, נאָך אמעריקע.

מיין ערשטער דזשאב ביי קלאוקס איז געווען ביי ראָטשילד בראָדערס, 2 באָנד סטריט, דאן דער קלאוק דיסטריקט אין ניו יארק.

איין טאָג, ביי דער ארבייט, גיט מיר מיין שכן א ציה ביים ארבעל און זאָגט מיר שטיל אויפ'ן אויער: „לויפט שנעל און באהאלט זיך, דער וואָקינג דעלעגאַט איז דאָ”.

איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט אויסצוגעפינען וועגען וואס עס האנדעלט זיך, האָב איך דערזעהן ביי מיין מאשין א שיין־געבויטען מאַן, נעט געקליידט, און ער זאָגט צו מיר: „מיסטער, ציינט מיר אייער ביכעל”.

פון דער פּלוצלונגדיגער געשעהעניש ווער איך צוטומעלט. אליין בין איך א פרעמדער, דאָס ווארט „ביכעל” הויב איך ניט אָן צו פארשטעהן, און עס דערוועקט זיך אין מיר א פארדאכט, אז חברה ווילען דאָ מיר אָפּטאָן א שפּיצעל. דער מאָן לאָזט מיך אָבער לאנג ניט טראכטען און ווידערהאָלט זיין פראגע און מיט שטרייגקייט פאָדערט ער פון מיר איך זאָל איהם זאָפאָרט צייגען דעם ביכעל. עס ווערט מיר אָבער באלד קלאָר, אז איך האָב דאָ צו טאָן מיט א ביזנעס אגענט פון דער יוניאן און ער פארלאנגט פון מיר א יוניאן קארד, ווי מיר האָבען עס גערופען אין ענגלאנד. איך האָב איהם גלייך געצייגט מיינע רעקאָמענדאציעס און מיין טרענספער קארד פון דער לאָנדאָנער מאַנטעל מאכער יוניאן, פון וועלכער איך בין געווען א מעמבער.

ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזען, בין איך געווען דער ערשטער צו קומען אין אן אמעריקאנער קלאוק שאָפּ מיט א יוניאן טרענספער פון אן אנדער לאנד. דעם זעלבען אווענד האָט מיך דער זעלביגער ביזנעס אגענט אָפּגעוואָרט ביים שאָפּ, מיך גענומען צום מיטינג פון דער דזשאָינט עקזעקוטיוו קאָמיטע (אזוי האָט דאן געהייסען די סענטראל באָדי פון דער יוניאן), ער האָט מיך פאָר אלעמען פארגעשטעלט און האָט צו מיר ארויסגעצייגט אמת'ע ברידערליכע פריינדשאַפט. דאָס איז געווען מיין ערשטע באקאנטשאפט מיט גראָסמאַנ'ען, וואָס האָט אָנגעהאלטען ביז דעם לעצטען טאָג פון זיין לעבען.

נאָך אין די פריערדיגע יארען, פאר דער גרינדונג פון דער אינטערנעשאָנעל, איז מיר אויסגעקומען צו ארבייטען אויף פארשידענע געביטען אין דער יוניאן מיט ברודער גראָסמאַן. צוזאמען זיינען מיר געווען אין דעם דזשאָינט עקזעקוטיוו קאָמיטעט, אויך האָבען מיר צוזאמען געהאָלפען דער יוניאן אין די פארשידענע סטרייקס, וואס זי האָט דאן אָנגעפירט.

גראָסמאַן איז געווען א ליבליכער מענש און א געטרייער פריינד. אָבער מער ווי אלץ איז ער געווען טריי און איבערגעגעבען צו דער יוניאן. כאָטש ער איז געווען זייער א גוטער באלעמלאָכע דאָך איז איהם מיט זיין פאמיליע זייער אָפט אויסגעקומען צו הונגערען, ווייל צוליב זיין טעטיגקייט אין דער יוניאן האָט ער זייער זעלטען געקאָנט באקומען א דזשאב.

ווען עס האָט זיך אנגעפאנגען די באוועגונג צו ארגאניזירען א פארבאנד פון אלע קלאוק מאכער איבער'ן לאנד, האָט זיך פאר גראָסמאַנ'ען געעפענט א נייע וועלט. מער פון אונז אלעמען, איז ער געווארען ביזי. ער איז ארומגעלאָפען צו די פארשידענע בראַנטשעס פון דער יוניאן, גערעדט, אגיטירט און דיסקוטירט די נויטווענדיגקייט צו אָרגאַניזירען א פארבאנד פון אלע קלאוק מאכער אין לאנד. ער האָט פשוט איינגעליינט וועלטען צו פארווירקליכען די אידייע. אזוי איז ברודער גראָסמאַן געווארען איינער פון די הויפט איניציאַטאָרס, וואס האָבען מעגליך געמאכט די אָרגאַניזירונג פון דער אינטערנעשאָנעל.

ווען די דזשאָינט עקזעקוטיווע צוזאמען מיט די לאָקאלע בראַנטשעס, האָבען ענדליך באשלאָסען איינצובארופען א קאָנווענשאָן און איינלאדען אויך די קלאוק מאכער יוניאָנס פון אנדערע צענטערס צו באטייליגען זיך אין דער גרינדונגס קאָנווענשאָן פון איין איטערנעשאָנעל, איז ברודער גראָסמאַן געווען איינער פון די דעלעגאַטען. ער איז געשיקט געווארען צו דער קאָנווענשאָן פון דעם אָפּערייטאָרס בראַנטש, וועלכער איז געווען א טייל פון דער

# יוסף באַראַנדעס

## פון ב. ה.

דער אָנפאַנג פון דער אינטערנעשאָנעל איז געווען די קלאוק מאַכער יוניאָן, און דערמאָנט מען דעם אָנפאַנג פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן מוז מען אין דעמזעלביגען אָטעם דערמאָנען דעם נאָמען פון יאָזעף באַראַנדעס. עס איז א נאָמען וואס איז צוזאַמענגעוואַקסען מיט דער גרינדונג פון דער קלאוק מאכער יוניאן און מיט א גרויסען טייל פון איהר געשיכטע. אגב האָט יאָזעף באַראַנדעס טאַקע



יוסף באַראַנדעס

געעפענט די ערשטע קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנעל און האָט געהאַלטען א פייערליכע און ריהרענדע עפענונגס־רעדע.

דער נאָמען יאָזעף באַראַנדעס באַווייזט זיך אין דער געשיכטע פון דער קלאוק מאכער יוניאן שוין אין יאהר 1889. א קאָמיטע פון קלאוק מאכער האָט זיך דעמאָלט געווענדעט צו די „פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען,” וועלכע איז מיט אַ יאהר פריהער געגרינדעט געוואָרען, אז זיי זאָלען העלפען אָרגאַניזירען א יוניאן פון קלאוק מאכער, ווייל אַלע פּראָבעס, וואס זיינען פריהער געמאכט געוואָרען צו אָרגאַניזירען די קלאָוק מאכער האָבען זיך ניט איינגעגעבען. די פאראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען האָבען זיך פיל ניט געלאָזען בעטען און האָבען גלייך געוועהלט א קאָמיטע, וועלכע איז באַשטאַנען פון בערנארד ווינשטיין און יאָזעף באַראַנדעס.

ווינשטיין איז דעמאָלט געווען דער סעקרעטאר פון די געווערקשאַפטען און באַראַנדעס איז דעמאָלט געווען אַן אַפּטייטעאַרם ביי קינדערשע הויזקעס (ניפּענטס). און דערמיט פאַנגט זיך אָן באַראַנדעסעס טעטיגקייט צווישען די קלאָוקמאַכער, וועלכע איז צום גרעסטען טייל געווען א גאַנץ שטורעמדיגע.

יאָזעף באַראַנדעס איז געווען א גוטער רעדנער מיט אַ סך פייער. זיינע הייסע אַגיטאַציאָנס רעדעס פאר די קלאוק מאכער, אז זיי זאָלען זיך אָרגאַניזירען אין א יוניאן און מיט פאראייניגטע כוחות קעמפען פאר א בעסערען לעבען, האָבען געהאַט א געוואַלדיגע ווירקונג. די אַגיטאַציע פאר אָרגאַניזירען זיך אין יוניאַנס האָט זיך

אין יענער צייט גאַנץ אנדערש געפירט. עס איז געווען מעהר רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע ווי טרייד יוניאן פּראָפּאַגאַנדע. עס האָט זיך גערעדט וועגען דער באַפרייאונג פון ארבייטער קלאס און וועגען שאַפען א נייע, שעהנע וועלט, אָהן עקספּלואַטאַציע, אָהן באַלעבאַטים און אָהן שקלאַפעריי. און די אַגיטאַציע איז דעמאָלט נאָך געווען פריש, היים און מיט דעם גאַנצען פייער פון יוגענדליכער באַגייסטערונג און פון יוגענדליכען גלויבען און אידעאַלען. באַראַנדעס איז דעריבער געוואָרען גאַנץ גיך ניט בלויז א פיהרער פון די קלאוק מאכער, נאָר אויך א פאַרגעטערטער פיהרער און עס איז איהם געלונגען אין א קורצער צייט אויפצובויען א יוניאן פון ארום 8 טויזענד קלאוק מאכער.

אין דעם פּאַראַד פון דעם ערשטען מאי אין יענעם יאָהר (1890), האָבען אָנטייל גענומען איבער 7 טויזענד קלאוק מאכער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס עס איז די גאַנצע צייט פון פּאַראַד געווען א גוס רעגען.

באַראַנדעס איז אויך געווען דער ערשטער פיהרער פון די קלאוק מאכער, וואס איז צוליב זיין טעטיגקייט אין דער קלאוק מאכער יוניאן פאר'משפט געוואָרען צו זיצען אין געפענגניש. ער איז ארעסטירט געוואָרען צוליב צוויי קלאַגען געגען איהם. איינע איז געווען וועגען אַן איבערפאַל, וואס א סטרייק קאָמיטע פון דער קלאוק מאכער יוניאן האָט געמאכט אויף א סקעב שאַפּ אין דזשאַמייקאַ, און די צווייטע קלאַגע געגען איהם איז געווען, אז ער האָט דורך א סטרייק געצוואונגען א קלאוק מאנופעקטשורער איהם צו געבען הונדערט דאָלער.

אין די ערינערונגען פון א. ראָזענבערג וועגען די קלאוק מאכער און זייערע יוניאַנס ווערט דערצעהלט, אז עס איז געווען א סטרייק ביי א קלאוק פירמע, פּאַפּקין און מארקס, און ווען דער סטרייק איז געענדיגט געוואָרען האָט די יוניאָן זיך געאייניגט מיט דער פירמע, אז זי זאָל צאָלען הונדערט דאָלער אלס פארגיטיגונג פאר די ווירדזשעס, וואס די סטרייקער האָבען דורכ'ן סטרייק פאַרלוירען. די פירמע האָט געוואָלט אויסשטעלען א טשעק אויף דער יוניאַנס נאָמען, נאָר באַראַנדעס, זייענדיג דער מענעדזשער פון דער יוניאָן, האָט געזאָגט דער פירמע, אז דער טשעק זאָל אויסגעשטעלט ווערען אויף זיין נאָמען. א. ראָזענבערג באַמערקט דערביי, אז איהם איז ניט קלאָר וואָרום באַראַנדעס האָט עס געטאָן. צי ער האָט עס געטאָן דערפאר, וואס ער האָט אלס מענעדזשער געוואָלט האָבען דעם כבוד אויפצושרייבען אויף אַלע טשעקס זיין נאָמען, אדער דערפאר, וואס די יוניאָן האָט דעמאָלט ניט געהאט קיין אייגענעם טשעק אקאונט אין באַנק, און עס וואָלט דעריבער שווער געווען דעם טשעק אויסצובייטען. שפּעטער, אָבער, האָט זיך די פירמע מיט דעם באַנוצט און האָט פאַרקלאָגט באַראַנדעס'ן פאר אויספּרעסען געלד און א דזשורי, וועלכע איז באַשטאַנען צום גרעסטען טייל פון ביזנעסלייט, האָבען איהם געפונען שולדיג און דער ריכטער האָט אים פאר'משפט צו א יאהר מיט 9 חדשים געפענגניס.

ער איז דערביי באַנאַנגען די לייכטזיניגקייט, נאָכדעם ווי ער האָט אַפּעלירט צו א העכערען געריכט און איז ארויסגעלאָזען געוואָרען אויף בעיל, איז ער אוועק אין קענעדע און ווען ער האָט זיך איבערגעלעגט און געקומען צוריק האָט ער געפונען אז די בעיל איז צוריקגעצויגען געוואָרען און ער איז גלייך ארעסטירט געוואָרען און אוועקגעזעצט געוואָרען אין די טומס. נאָר נאָכדעם, ווי ער איז אָפּגעזעסען א קורצע צייט, איז ער באַגנאַדיגט געוואָרען פון גאָווערנאָר, צו וועמען א קאָמיטע איז געגאַנגען און האָט איהם איבערגעגעבען א פּעטיציע מיט ארום א האַלבען מיליאָן אונטערשריפטען, וועלכע זיינען געזאַמעלט געוואָרען אין איינציגע טעג.

## די דזשענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאַנאַל אין דעם יאָר 1902





וניטער ברעדערהוד אוו קלאוק מייקערס אוו, גרעיטער ניו יארק.

דעם ערשטען מאָנטאג אין חודש דזשון, 1900, איז די גרינדונגס קאָנווענשאָן רערעפּענט געווארען פון יוסף באראָנדעס. אליין באגייסטערט פון דער אידייע, האָט ער אין א הארציגער רעדע באגריסט די דעלעגאטען, וועלכע האָט ממש אנגעצונדען די הערצער פון דעם עולם מיט באגייסטערונג און ענטוזיאזים.

אלס פאָרזיצער פון דער קאָנווענשאָן איז אויסגעקליבען געווארען גראָסמאן, צוליב דעם פאָלגענדען טעם: די ארבייטער באוועגונג און די אמעריקען פעדערישאָן אוו לייבאָר זיינען איינגעלאדען געווארען צו באגריסען די קאָנווענשאָן. פאָרצושטעלען די געסט האָט מען באדאַרפט האָבען איינעם וואס זאָל קענען רײדען ענגליש, און דער גורל איז געפאלען אז גראָסמאן זאָל זיין דער פאָרזיצער. דאָס און זיינע פריערינע פארדינסטען האָבען געפירט אז ברודער גראָסמאן זאָל נאכהער דערווײלט ווערען אלס דער ערשטער פרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנעל לײדיס גארמענט וואירקערס יוניאָן.

גראָסמאן איז געווען דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט ווען ער האָט דערלעבט די פערטע קאָנווענשאָן, וועלכע איז אפּגעהאלטען געווארען אין קליוולאנד צו זעהן, אז די אינטערנעשאָנעל איז שוין ארויס פון די ווינדעלאך און אז זי איז שוין אויף דעם וועג פון ווערען גרויס און מעכטיג. ביי יענער קאָנווענשאָן זיינען שוין געקומען פארטרעטער פון א גרויסער צאָל נייע אנגעשלאָסענע יוניאָנס פון די וויכטיגסטע קלאוק סענטערס פון לאנד. דיזע ארגאניזאציאָנס ארבייט איז אויפגעטאָן געווארען פון זייער וויניג באצאָלטע ארגאנייזערס. מערסטען טיילס איז די ארבייט געטאָן געווארען פון דעם פרעזידענט און דעם סעקרעטער (דזשאָן דײטש איז דאן געווען דער סעקרעטער), און אויך מיט דער הילף פון לאָקאלע יוניאָן בעאמטע; די מעמבערשיפּ פון דער אינטערנעשאָנעל האָט דאמאלס שוין דערגרייכט געגויע צען טויזענד אין צאָל. פאר גראָסמאנ'ען איז דאָס געווען א טריאומף־קאָנווענשאָן. זיין חלום פון גרויסע אויפטואונגען דורך דער אינטערנעשאָנעל האלט ביי'ם פארווירקליכט ווערען. פלענער פון דעם דזשענעראל באָארד זיינען אויסגעארבייט געווארען פאר א גרויסען אינטענסיווען קאמפּיין איבער דעם גאנצען לאנד. מען האָט שוין אפילו גאנץ ערנסט געטראכט, אז די צייט איז געקומען צו האָבען א באצאָלטען פרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנעל, אָבער ווי זאָגט דאָס פאָלקס־גלייבוועכטעל: „דער מענש טראכט און גאָט לאכט". גראָסמאן איז ביי יענער קאָנווענשאָן דורכגעפאלען און ברודער שלעזינגער איז דאן ערווײלט געווארען אלס פרעזידענט

פאר גראָסמאנ'ען איז דער דורכפאל געווען דער גרעסטער און שרעקליכסטער קלאפּ אין זיין לעבען. פאר א צייט לאנג האָט ער ניט געקענט קומען צו זיך. די צייט אָבער געהט זיך איהר גאנג און מאכט פארגעסען פילע ערגערע געשעהענישען אין דעם לעבען און אזוי האָט דאָס אויך פּאסירט מיט גראָסמאנע'ן. ביסלעכווייז האָט ער זיך אנגעהויבען צוגעוואוינען צו דעם געדאנק, אז א פּרעזידענט פון אן אינטערנעשאָנעל קען אויך אמאָל דורכפאלען, אָבער טיף אין זיין הארצען האָט ער געלעבט מיט דער האָפענונג, אז די צייט און דער טאָג וועט דאך קומען ווען ער וועט ווידער אָנפארטרויט ווערען צו זיין דער פירער פון דער אינטערנעשאָנעל. און ענדליך איז זיין חלום טאקע פארווירקליכט געווארען. מיט צוויי יאהר שפּעטער איז גראָסמאן ווידער אמאָל ערווײלט געווארען אלס דער פרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנעל.

די אלגעמיינע לאגע אין דעם לאנד איז דאמאלסט געווען א שלעכטע. דאָס האָט אויך געווירקט אויף דער לאגע פון אונזערע טרייד. דערצו נאך זיינען כמעט אלע לאָקאלס צוזאמען מיט דער אינטערנעשאָנעל געווען פארוויקעלט אין דעם שרעקליכען קאמף, וואס די „אינדאָסטריעל וואירקערס אוו דהי וואָרלד" האָט דאמאלס אנגעפירט געגען דער אלגעמיינער ארבייטער באוועגונג און ספּעציעל געגען אונז. אזוי אז אין א קורצער צייט האָט די אינטערנעשאָנעל אנגעפאנגען צו פארלירען דעם באָדען אונטער זיך, איז געווארען שוואכער, א סך פון אירע לאָקאלען האָבען זיך אפּגעריסען, מאנכע זיינען איינגאנגען אונטערגעגאנגען און ביי דער קאָנווענשאָן פון 1907, נאָכדעם ווי גראָסמאן האָט אנגעהאלטען דעם אַמט פאר צוויי יאר, איז ער ווידער אמאָל דורכגעפאלען. און דאָס מאָל האָט ער פארשטאנען, אז עס איז „פאר גוד", ווי דער אמעריקאנער זאָגט. ער איז אָבער פון דער יוניאָן ניט אוועק און אין דער צייט פון גרויסען קלאוק מאכער סטרייק האָט ער געטאָן זיין טייל ארבייט און, ער איז שפּעטער אויך פאר א לענגערער צייט געווען איינער פון די דיסטריקט מענעדזשערס פון דער דזשאינט באָארד פון דער קלאוק מאכער יוניאָן.

אין די לעצטע יאהרען פון זיין לעבען איז גראָסמאן געווען קראנק, אָבער ער איז קיינעם ניט געפאלען צו לאסט. די אינטערנעשאָנעל האָט איהם געהאָלפען.

***

און ווען איך שרייב שוין וועגען ערשטען פרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאל וועל איך שוין אויך עפּעס דערצעהלען וועגען דעם ערשטען דזשענעראל סעקרעטער פון דער אינטערנעשאָנאל. דאָס איז ברודער ב. בראַף, וועלכער איז איצט ארום 74 יאָהר אלט און האָט א הנאה קוקענדיג ווי זיין אינטערנעשאָנאל, וואָס ער האָט געהאָלפען גרינדען, איז אויסגעוואקסען אזוי גרויס און אזוי שטארק.

ב. בראַף איז געבאָרען געוואָרען אין 1860 אין א קליין שטעדטעל אין גאליציע. אין אמעריקא איז ער געקומען אין יאָהר 1885 און האָט זיך דאָ אויסגעלערענט צו זיין א פּרעסער ביי קלאָוקס. ער איז געווען איינער פון די, וואָס האָט שטענדיג אנטייל גענומען אין יעדער פּראָבע פון אָרגאניזירען א קלאָוקמאכער יוניאָן און ער האָט זיך דעריבער באטייליגט אין א סך סטרייקס. באזונדערס טעטיג איז ער געווען אין דעם היסטאָרישען קלאָוקמאכער סטרייק פון 1892. ער איז געווען אויך איינער פון די וואָס האָבען אויף זיך גענומען די איניציאטיווע צו אָרגאניזירען די אינטערנעשאָנאל און אויף איהר ערשטער קאָנווענשאָן איז ער געוועהלט געוואָרען סעקרעטער־טרעזשורער. עס איז געווען ניט קיין באצאָלטער אמט, ווייל די אינטערנעשאָנאל האָט אין יענער צייט בלויז געהאַט א סעקרעטער־טרעזשורער אָבער ניט קיין טרעזשורי. נאָר צו דער צווייטער קאָנווענשאָן האָט ער באקומען פון דער אינטערנעשאָנאל א מתנה 25 דאָלאר. דאָס האָט אויסגעקוקט אין זיינע אויגען צופיל געלד, האָט ער דעריבער דערפון אָפּגעגעבען 10 דאָלאר פאר דעם אָרגאניזאציאָנספאָנד פון דער אינטערנעשאָנאל. אָבער פון יענער קאָנווענשאָן איז ב. בראַף שוין געוואָרען א באצאָהלטער באאמטער. די קאָנווענשאָן האָט נעמליך באשלאָסען, אז ער זאָל אָפּגעבען זיין גאנצע צייט פאר'ן אמט און דערפאר קריגען 20 דאָלאר א וואָך. ער איז געבליבען אין זיין אמט ביז דער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן אין 1904, ווען אן אנדערער איז געוועהלט געוואָרען אויף זיין פּלאץ. ער האָט זיך דעמאָלט צוריקגעקערט אין שאָפּ ארבייטען, אָבער ער איז דאָרטען ניט לאנג פארבליבען. ער האָט געזוכט אן אנדער באשעפטיגונג.

מיט א יאָהר צעהן צוריק איז ער ווידער געקומען ארבייטען צוריק אין שאָפּ און האָט אָפּגעארבייט עטליכע יאָהר ביז ער האָט באשלאָסען, אז אינגערע פאר איהם זאָלען טאָן די ארבייט. ער איז אָבער געבליבען א מיטגליד פון לאָקאל 35 ביז היינט.

***

שרייבענדיג די ביאָגראַפיעס פון אנדערע האָט דער רעדאקטאָר פון דער „גערעכטיגקייט" מיך געבעטען, אז איך זאָל אויך שרייבען עפּעס וועגען זיך אליין. בין איך צופרידען דאָס צו טאָן, און אָט איז וואָס איך קען דערצעהלען וועגען זיך:

איך בין געבוירען געוואָרען אין דעם יאָהר 1875, אין דעם שטעדטעל טאלנע, קיעווער גובערניע, אוקראינע, רוסלאנד. מיין פאָטער איז געווען א שניידער, נאָר מיר האָט ער געוואָלט מאכען פאר א גאנצען למדן, האָט מיך געגעבען לערנען צו די בעסטע מלמדים. מיך האָט אָבער בעסער געצויגען זיך צו חבר'ען מיט די געוועלען וואָס

# בענדזשאַמין שלעזינגער

## פון ש. יאַנאָווסקי

פאַר די וועלכע שטעהען גאַנץ נאָהענט צו דער אַרבייטער־באַוועגונג, איז עס קיין סוד ניט, כאָטש דאָס איז קיינמאָל ניט אַרויסגעקומען אין דער עפענטליכקייט, אַז ביז צו אַ שטאַרקען גראַד איז עס געווען אַ ריין־פּערזענליכע מיספאַרשטענדניס צווישען מיר און שלעזינגער'ן, וואָס האָט געמאַכט שלעזינגער'ן צו רעזיגנירען אַלס פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאַנאַל אין אָנפאַנג פון 1923.



בנימין שלעזינגער

און איך דענק נאָך איצט — פּונקט ווי איך האָב געדענקט אין דער הייסער שעה, אויף דעם פּערטעל־יעהרליכען מיטינג פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד אין מאָנטרעאַל — אַז שלעזינגער איז געווען צו מיר, ווי צו אַלע אַנדערע, זעהר אומגערעכט, ווי ער איז עס אָפט געווען צוליב זיינע צושרויפטע נערווען אין דער לעצטער צייט, איידער ער האָט רעזיגנירט.

ניט אַכטענדיג אויף דעם, וויל איך אָבער ניט צוריקציהען קיין איינציג וואָרט פון די שבחים, וואָס איך האָב געשריבען וועגען שלעזינגער'ן די גאַנצע צייט, וואָס מיר זיינען געווען צוזאַמען, און ווען איך, מעהר ווי אירגענד ווער, האָב געהאַט די געלעגענהייט גרינדליך קענען צו לערנען שלעזינגער'ן, אַלס מענש, און, נאָך מעהר, שלעזינגער'ן אַלס טוער.

שלעזינגער איז געווען איינער פון די זעלטען־ענערגישע מענשען, וועלכע עס איז מיר אויסגעקומען צו טרעפען אין מיין לעבען. ווען ער האָט באַשלאָסען עטוואָס אויסצופיהרען, איז קיין זאַך פאַר איהם ניט געווען צו שווער.

געוויס איז ער געווען אַ מענש מיט אַמביציע, אָבער דאָס איז געווען אַן אַמביציע פון אַ גרויסען פאָרנעם, אַן אַמביציע מיט אַ גרויסען שוואונג, עטוואָס וואָס האָט אַפּעלירט צו אייער פאַרשטעלונגס־קראַפט.

דער גרונד־שטריך פון שלעזינגער'ס כאַראַקטער, ווי אויך פון זיין גאַנצער לעבענס־טעטיגקייט, איז געווען, דאָס ער האָט אומער־צו געטראַכט און געשטרעבט און אומער־צו אויסגעפיהרט עטוואָס אויפצובויען, וואָס זאָל האָבען אַ קיום. ער איז געווען אַ מייסטער־בויער אין דעם בעסטען זין פון וואָרט אין אונזער באַוועגונג.

איצט זיינען שוין, אפשר, אַזעלכע מענשען ווי שלעזינגער ניט אַזוי נויטיג. דער וועג איז מעהר אָדער ווייניגער אַן אויסגעטראָטענער, און עס איז לייכט צו פאָלגען אין די פוס־טריט פון די, וועלכע האָבען דעם וועג אויסגעטראָטען. אָבער, ווען שלעזינגער איז אריין אין אונזער לעבען, איז דער וועג פון אונזער באַוועגונג געווען כמעט נאָך ניט געעפענט. עס איז נויטיג געווען גרויסע פּיאָנערען־אַרבייט, און פאַר דעם איז שלעזינגער געווען ווי געבאָרען.

עס איז שווער צו ספּעקולירען, וואָס עס וואָלט געווען פאַר אַ באַוועגונג, און וואָס עס וואָלט געווען פאַר אַן אינטערנעשאַנאַל, ווען שלעזינגער וואָלט אין איר ניט אריינגעבראַכט זיין גייסט און זיין גרענעצלאָזע ענערגיע, אָבער עס איז זיכער, דאָס שלעזינגער'ס פּערזענליכקייט איז געווען אַזוי גרויס, דאָס נאָך ביז היינטיגען טאָג פיהלט זי זיך אין אונזער גאַנצער באַוועגונג בכלל און אין דער אינטערנעשאַנאַל בפרט.

געוויס האָט שלעזינגער געהאַט גוואַלדיגע חסרונות, און אָט פון די חסרונות האָט די אינטערנעשאַנאַל אָפט געמוזט ליידען. אָבער פּאַראַדאָקסאַל, ווי דאָס מעג אויסזעהן, די זעלבע חסרונות האָבען אין גאָר פילע פעלע געבראַכט די אינטערנעשאַנאַל גאָר גרויסע נוצען און איהר געמאַכט פאַר אָט די גרויסע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זי איז. די זעלבע שלעזינגער־עקשנות, וועלכע האָט געבראַכט צו אַ גרויסען סטרייק פון די ליידיס וועיסט מאַכער אין פילאַדעלפיא, — וועלכע האָט געקאָנט פאַרמידען ווערען, ווי איך האָב עס דאַן גלייך געזאָגט שלעזינגער'ן, מיט וועמען איך בין געווען צוזאַמען, אויף זיין איינלאַדונג, אין פילאַדעלפיא, און וועלכער האָט אָפּגעקאָסט דער אינטערנעשאַנאַל ניט נאָר אַן אוצר מיט געלד (באַלד אַ פערטעל מיליאָן דאָלאַר), נאָר אויך די אָפּשוואַכונג פון דער יוניאָן פאַר אַ משך פון פילע יאָהרען, — די זעלבע עקשנות האָט פון דער אַנדערער זייט געפיהרט צו איינעם פון די גלענצענדסטע קאַמפען און זיגען פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן אין ניו יאָרק, ווען די קלאָוק־מאַנופעקטשורערס פון איבער'ן גאַנצען לאַנד האָבען געמאַכט אַ פאַרשווערונג צו פאַרניכטען איינמאָל פאַר אַלעמאָל די קלאָוקמאַכער יוניאָן. איך מוז דאָ ערקלערען, אַז נאָר שלעזינגער, מיט זיין פעסטקייט, מיט זיין אַרבייט אין דער באַריהמטער אינדזשאַנקשאָן־אַנגעלעגענהייט, מיט זיין ניט לאָזען זיך באַאיינפלוסען פון קיינעם, אפילו ניט פון די סאַמע מיניסטאָרען אין וואַשינגטאָן, האָט אַוועקגעשטעלט די אינטערנעשאַנעל אויף דער הויך, אויף וועלכער קיין יוניאַן אין אַמעריקאַ איז נאָך קיינמאָל ניט געשטאַנען.

יאַ, עס איז געווען עטוואָס ווירקליך גרויסעס, טיטאַנישעס אין שלעזינגער'ן, סיי צום גוטען און סיי צום בייזען, אָבער מעהר צום גוטען ווי צום בייזען. דאָס קליינליכע, דאָס בייזע איז און מוז פאַרגעסען ווערען, אָבער דאָס גרויסע — דאָס בלייבט, דאָס איז פאַרקערפערט אין דעם לעבען פון דער אינטערנעשאַנאַל.

זאָל דאָ אָנגעוויזען ווערען אין אַ פּאָר ווערטער אויף דאָס סאַמע וויכטיגסטע, וואָס שלעזינגער האָט אויפגעטאָן אין די ערשטע צעהן יאָהר, וואָס ער איז געווען פּרעזידענט, פון 1914 ביז 1923.

ביז איהם איז געווען אַן אינטערנעשאַנאַל בלויז אין נאָמען. עס זיינען געווען פאַרשידענע טיילען פון דער אינטערנעשאַנאַל, אָבער אַן אינטערנעשאַנאַל אַלס גאַנצע האָט ניט עקזיסטירט. די פאַרשיידענע טיילען האָבען ניט נאָר זיך ניט געפיהלט ווי טיילען פון איין גאַנצעס, נאָר האָבען אָפט זיך שטאַרק באַקעמפט. אַזוי זיינען פאָרגעקומען אָפטע קריגעריען צווישען דעם דזשאָינט באָארד פון די קלאָוקמאַכער־לאָקאַלס און דער אינטערנעשאַנאַל.

חאבען געארבייט ביי מיין טאטען אין דער שניידערשער מאסטערסקאיא. פון זיי האב איך זיך אנגעשטעסט מיט רעוואלוציאנערע געדאנקען, אזוי אז איך האב אין מיין גאר פריהער יוגענט געמוזט אנטלויפען פון דער היים. איך האב זיך ארומגעשלעפט אהן א פאספארט אין פארשיידענע שטעדט, וואו געטאגט דארט נישט גענעכטיגט, און איך האב זיך גענומען לערנען שניידעריי. אין מיין צוואנציגסטען יאהר בין איך פון רוסלאנד אנטלאפען נאך לאנדאן.



סאל. פאליאקאף

ווי ער האט אויסגעזעהן ווען די אינטערנעשאנאל איז געגרינדעט געווארען.

אין לאנדאן בין איך געווארען א מענטעל-מאכער (דאס הייסט א קלאוקמאכער), געווארען אקטיוו אין דער דארטיגער יוניאן. מאנכע פון די פיהרער זיינען געווען אנארכיסטען, און אזוי ארום בין איך באקאנט געווארען מיט דעם אנארכיסטישען קראזשאק, וואו לאווראוו, פעטער קראפאטקין און אנדערע פלעגען לעקטשורען און אגיטירען פאר אנארכיזם. זייערע אידעען האבען מיין יונג הארץ געפאנגען. לאנג אבער בין איך דארט אין לאנדאן נים פארבליבען. מיר האט זיך פארוואלט פאהרען אין אמעריקא. און אזוי ארום בין איך געקומען אין ניו יארק אנפאנג פון 1897. איך האב מיטגעבראכט א טראנספער קארד פון דער יוניאן אין לאנדאן און בין גלייך געווארען א מיטגליד אין דעם שניידער-ברענטש פון דער דאמאלסדיגער „יונייטעד בראדערהוד אוו קלאוקמייקערס יוניאן אוו גרייטער ניו יארק".

גאר אין גיכען ווער איך טעטיג אין דער אלגעמיינער יוניאן, ווער א דעלעגאט צום דזשאינט עקזעקוטיוו באארד און שפעטער באטייליג איך זיך אין פילע סטרייקס און ווער אויך איינער פון די וואס אגיטירען פאר דער ארגאניזירונג פון דער איצטיגער „אינטערנעשאנאל" און בין געווען א דעלעגאט צו דער ערשטער קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנאל און ביז איצט האב איך נים פארפעהלט קיין איין קאנווענשאן, ענטוועדער אלס דעלעגאט אדער אלס גאסט.

אין די יאהרען פון 1904 און 1905 ווערט די לאגע אין אונזער טרייד שרעקליך דעמאראליזירט און א סך פון די אקטיווע מיטגלידער פון אונזער יוניאן ווערען פון די באלעבאטים געבלעקמיילט און זיי קענען נים קריגען קיין ארבייט. איך נעם זיך דאן אונטער צו שאפען א קא-אפעראטיווען שאפ, וואו אזעלכע מיטגלידער זאלען קענען זיין פארזארגט מיט ארבייט. אין א קורצער צייט ווערט א באדייטענדע סומע געלט געשאפען. פערזענליך האב איך אוועקגעגעבען אלץ, וואס איך האב פארמאגט, פאר דעם צוועק. דער שאפ ווערט דערעפענט מיט אן אכט-שטונדיגען ארבייטס-טאג, יוניאן-וויידזשעס א. א. וו., אבער לאנג האט ער נים געקענט אויסהאלטען און איז צוגעמאכט געווארען. קורץ נאך דעם ווערט מיין פערזענליכע לאגע אין טרייד אזוי פארערגערט, אז איך האב געמוזט נעמען דעם וואנדער-שטאק אין האנט און זוכען ארבייט אין אנדערע שטעדט. איך בין געווען אין שיקאגא, אין לאס אנדזשעלעס, אין סאן פראנציסקא, און — צוריקגעקומען קיין ניו יארק.

ביי דער קאנווענשאן פון 1907 בין איך צום ערשטען מאל דערוועהלט געווארען אלס א מעמבער פון דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד פון דער אינטערנעשאנאל. די לאגע פון דער יוניאן איז דעמאלט געווען זעהר א שלעכטע. עס איז געקומען אזוי וויים, אז ביי איינעם פון די מיטינגען פון דעם דזשאינט באארד זיינען די דעלעגאטען געווען פארטיג די יוניאן אויפצוגעבען. די יוניאן האט זיך אזוי געמאטערט צווישען לעבען און טויט ביז דעם גרויסען קלאוקמאכער סטרייקס פון 1900, פון וועלכען עס איז ארויסגעוואקסען א גרויסע קלאוקמאכער יוניאן און א גרויסע אינטערנעשאנאל.

נאך דעם גרויסען קלאוקמאכער סטרייק בין איך ערוועהלט געווארען אלס דער טשיף-קלוירק פון דזשאינט באארד (אדער, ווי עס ווערט היינט אנגערופען, דזשענעראל מענעדזשער). דיזען אמט האב איך אנגעהאלטען ביז סוף פון 1912. אין דעם זעלבען יאהר בין איך ביי דער קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנאל ערוועהלט געווארען אלס ערשטער וויים-פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל. ביים סוף פון יענעם יאהר איז אונזער יוניאן פארוויקעלט געווארען אין אינערליכע מיספארשטענדנישע. אברהם ביזנא איז דאמאלט געבראכט געווארען פון שיקאגא צו זיין דער טשיף קלוירק פון דער קלאוקמאכער יוניאן אין ניו יארק.

ברודער ראזענבערג, דער דאמאלסדיגער פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל, האט מיך געשיקט קיין שיקאגא אנצופאנגען ארגאניזירען דארטען די קלאוקמאכער. די יוניאן איז דארט געווען זעהר שוואך. אבער איידער איך האב נאך צייט געהאט צו ארגאניזירען א קאמפיין אויף א גרויסען מאסשטאב, בין איך צוריקגערופען געווארען אין ניו יארק, מחמת דאמאלס האט זיך אנגעפאנגען דער קאמפיין פאר די ווייסט און דרעסמאכער אין ניו יארק, וואו אין א קורצער צייט זיינען געוויע דרייסיג טויזענט ארבייטער, מענער און פרויען פון פארשיידענע נאציאנאליטעטען, געווען פארוויקעלט אין דעם באוואוסטען סטרייק פון 1913. איך בין באשטימט געווארען פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד צו זיין דער פיהרער פון דער יוניאן און דיזען אמט האב איך אנגעהאלטען ביז דעם יאהר 1918.

אין 1914, צוליב דער הורוויטש-אפעיר, וואס איז גוט-באוואוסט די קלאוקמאכער, האבען ביי דער דאמאלסדיגער קאנווענשאן די גרעסטע צאהל פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד, אריינגערעכענט פרעזידענט ראזענבערג, סעקרעטערי דייטש און איך, מעהר נים אנגענומען קיין אמט אלס אינטערנעשאנאל-באאמטע.

אין 1920 בין איך דעלעגירט געווארען פון פרעזידענט זיגמאן צו פאהרען נאך באלטימאר, וואו איך האב פאר א צייט געהאט די פיהרערשאפט פון דער דארטיגער יוניאן. פון דארט בין איך ווידעראמאל דעלעגירט געווארען צו פאהרען נאך קאנאדע, וואו איך האב אנגעפיהרט א סטרייק און בין נאכהער געווען דער פיהרער פון דער דארטיגער יוניאן פאר איינינע יאהר.

פון דארטען בין איך ארויסגערופען געווארען נאך באסטאן. דארט האט זיך אויך געהאנדעלט וועגען איבערנעמען די פיהרערשאפט פון דער יוניאן אין דער צייט בעפאר א סטרייק, און בין מיט דער באסטאנער יוניאן געבליבען פארבונדען א לענגערע צייט.

איצט בין איך דער פיהרער פון לאקאל 177, דער איינגסטער לאקאל פון דער אינטערנעשאנאל, וואס איז לעצטענס ארגאניזירט געווארען.

דעם איינדרוק פון א פראפעסאר, וואס שטודירט מיט זיינע צוהערער פאליטישע עקאנאמיע און ארבייטער פראבלעמען. זיין אויטאריטעט איז געווען אומגעהויער. אונזערע געגנער האבען זיך פאר איהם געשראקען, אבער גלייכצייטיג האבען זיי פאר איהם געהאט דעם גרעסטען רעספעקט. זיין אנוועזענהייט ביי די פארהאנדלונגען האט שוין אליין פאר אונז געהאט א גרויסע באדייטונג. אונזערע געגנער האבען דאן געוואוסט אז עס וועט זיי ניט געלינגען צו געברויכען לאיערשע טריקס און כיטרע דריידלאך. זיי זיינען געצוואונגען געווארען צו פיהרען די פארהאנדלונגען אויף א ווירדיגען אופן. די מאראלישע קראפט פון זיינע איבערצייגונגס־פעהיגקייטען איז אין א גרויסער מאס געלעגען דערין, וואס גראד ער, דער שארפער בעל־שכל, האט זיך ניט אין גאנצען געשטיצט אויף דער טרוקענער לאגיק און האט זיינע לאגישע באווייזען באגלייט מיט א הויכען עטישען געפיהל פון מענשליכקייט, וואס האט אזוי שטארק געפליסט פון זיין סאציאליסטישער און געזעלשאפטליכער וועלט־אנשויאונג.

הילקוויט'ס אייגענשאפטען און זיין ווערטפולער ראט איז פאר אונז געווען א טייערער אוצר, וועלכען מיר האבען פארשטאנען ווי געהעריג אפצושעצען און אפצוהיטען. מיר האבען זיין אויטאריטעט קיינמאל ניט מיסברויכט און האבען איהם ניט געבאדערט מיט קלייניגקייטען. מיר האבען זיך צו איהם געווענדט בלויז אין זייער וויכטיגע פאלען. ווען עס איז געקומען צו וויכטיגע פרינציפיעלע פראגען, דאן האבען מיר זיך מיט איהם אלע מאל באראטען. ער האט אונז געגעבען די ריכט־ליניען, דעם פלאן און די ענדגילטיגע גוטהייסונג. די בוימייסטער זיינען מיר אליין געווען. ער איז געווען אונזער ארכיטעקט און פלאן־מאכער.

א באזונדערס פארטרויליכע ראלע האט הילקוויט געשפילט אין די אינערליכע ענינים פון דער יוניאן און איהר פיהרערשאפט. ביי אלע מיספארשטענדנישען און סכסוכים איז ער געווען אונזער אויסגלייכער. ווען אנדערע האבען אונז ניט געקענט אויסגלייכען, איבערצייגען און באאיינפלוסען האבען מיר זיך ערשט דאן געווענדט צו הילקוויט'ן. ער איז געווען אונזער לעצטער אינסטאנץ, און האט געהאט דאס לעצטע ווארט. ער האט אבער שטענדיג אויסגעפיהרט זיין מיסיע אויף א שטרענג לאיאלען און אומפארטייאישען אופן צו דער צופרידענהייט פון אלע צדדים און נאר אין די אינטערעסען פון דער יוניאן. ווען נאר מיר האבען איהם גערופען, איז ער געקומען, און האט אונז אונטער אלע אומשטענדען געהאלפען מיט ראט און טאט. נאר אפט האט ער אין אזא פאל רואינירט זיין געזונד און האט אפגעשוואכט זיינע שוואכע כחות. עס איז גענוג בלויז צו דערמאנען זיין לעצטע קרבנות'פולע רייזע קיין וואשינגטאן, ווען ער איז געפלויגען פארטיידיגען די אינטערעסען פון די קלאוקמאכער ביי די פארהערען פון דעם קלאוק קאוד. דער אינטערנעשאנאל האט ער אוועקגעגעבען זיינע לעצטע כחות. פון קראנקען בעט, וואס איז שפעטער געווארען זיין טויטען בעט, איז ער געפלויגען איהר העלפען. זיין לעצטען געזעלשאפטליכען אטעם האט ער אויסגעהויכט פאר די קלאוקמאכער. אין וואשינגטאן האבען מיר פון זיין מויל געהערט דעם לעצטען אפקלאנג פון דער שטימע, וואס האט מיט קנאפע צוואנציג יאהר צוריק אזוי מעכטיג ארויסגעקלונגען פון זיין ברוסט אויפ'ן באריהמטען געווארענעם מארד־פראצעס געגען מאריס זיגמאן און אנדערע זיבען קלאוקמאכער.

זינט דעם קלאוקמאכער־פראצעס ביז צו די קאוד־פארהאנדלונגען אין וואשינגטאן האבען מיר דורכגעמאכט ביטערע קאמפען, וואס האבען אונז געבראכט ערפאלגען און אנטוישונגען, און הילקוויט האט מיט אונז געטיילט אלע ליידען און פריידען פון דער יוניאן. עס האט מסתמא פאר איהם געמוזט זיין א גרויסע באפרידיגונג נאך ערב זיין טויט מיט זיינע אייגענע אויגען צו זעהן ווי מאנכע פון זיינע אידעאלען אין אינדוסטריעלע פראגען פאנגען אן אריינצודרינגען אין קאפיטאליסטישען מלוכה־לעבען. אין וואשינגטאן האט ער א מידער און קראנקער נאך דערלעבט צו זעהן דעם טילוויזען פרייז פאר זיין קאמף געגען הפקרות, אינדזשאנקשאנס און סטרייק־פארפאלגונגען. אבער גראד אין מאמענט, ווען דער ארבייטער האט אויפגעהערט צו זיין אין גאנצען הפקר פאר'ן געזעץ, ווען הילקוויט'ס אנשויאונג איז כאטש אויף אזוי פיל פארווירקליכט געווארען, דאס דער קלאסען־קאמף פון די ארבייטער איז ארויף אויף דער שוועל פון די געזעצגעבענדע קערפערשאפטען, איז ער געשטארבען. ער איז געשטארבען אין א מאמענט ווען עס האט זיך פאר איהם אויפגעעפענט א נייער ריזיגער טעטיגקייטס־פעלד, און ווען די אינטערנעשאנאל און איך פערזענליך האבען זיך אין איהם צום מייסטענס גענויטיגט. דער גורל האט גראד געוואלט, אז אויף מיין פערזאן זאל ארויפגעלעגט ווערען א גרויסע מאס פאראנטווארטליכע פיהרערשאפט פון דער אינטערנעשאנאל אין א מאמענט ווען הילקוויט'ס ראט און טאט איז פאר אונז און באזונדערס פאר מיר געווען פון באזונדערער גרויסער וויכטיגקייט.

דער אום'ברחמנות'דיגער טויט האט אבער גאר שנעל אוועקגערויבט די האפנונגען און ערווארטונגען, וואס מיר האבען אויף איהם געלעגט. איך האב נאך קוים געהאט צייט אויסצודריקען די דאזיגע געפיהלען אין א בריוו, וואס איך האב איהם געשריבען אין נאמען פון דער אינטערנעשאנאל גלייך נאך די וואשינגטאנער קאוד קאנפערענצען. דיזער בריוו איז ליידער געווארען דער לעצטער אפיציעלער דאקומענט פון דער אינטערנעשאנאל צו הילקוויט'ן און לעזט זיך ווי פאלגט:

אויגוסט דעם 11טען, 1933.

מר. מאריס הילקוויט,
בעלמאר, ניו דזשוירזי.

טייערער קאמעראד הילקוויט:

דערגרייכענדיג דעם סוף פון די פארהאנדלונגען מיט די באלעבאטים פון דער קלאוק און סוט אינדוסטריע פון ניו יארק וועגען דער באנייאונג פון קאלעקטיווע אגרימענטס, פיהל איך פאר מיין פליכט, אין מיין פערזענליכען נאמען ווי אין נאמען פון דער פיהרערשאפט און פון דער גרויסער מאסע מיטגלידער פון אונזער ניו יארקער ארגאניזאציע, אייך צו זאגען אזוי אויפריכטיג און אזוי פעסט ווי איך בין עס נאר אימשטאנד, ווי טיף מר זיינען אייך דאנקבאר פאר אייער מייסטערהאפטען אופן, מיט וועלכען איהר האט פארטראטען די אינטערעסען פון די קלאוקמאכער אין דיזער שווערער פעריאדע. מיר דריקען אייך אויס אונזער באוואונדערונג פאר דער ארט און וויזע, ווי איהר האט פארטראטען זייער צד פאר דער „נעשאנאל ריקאווערי אדמיניסטריישאן" בעת די קאוד פארהערען אין וואשינגטאן.

אונזער באוואונדערונג פאר אייערע לייסטונגען איז באזונדערס גרויס, ווייל מיר זיינען באקאנט מיט די פיזישע שטערונגען, וואס האבען אייך אזוי שווער געמאכט אפצושפארען א ביסעלע כחות פאר דער שווערער ארבייט, וואס איז געווען פארבונדען מיט אייער גרויסער אויפגאבע. די פון אונז, וואס האבען געהאט די געלעגענהייט אייך צו זעהן ביי די וואשינגטאנער פארהערען, טראץ דעם פארבאט פון אייער דאקטאר, האבען זיך געקענט איבערצייגען וועגען אייער שטארקער צוגעבונדענקייט צו די קלאוקמאכער וועמען איהר האט אין משך פון העכער צוואנציג יאהר אוועקגעגעבען אייערע בעסטע פעהיגקייטען. מיט דעם דאזיגען אויסדרוק פון טיפערען אנערקענונגס־געפיהל, טייערער קאמעראד הילקוויט, איז אויך פאראייניגט מיין געבעט און טיפער וואונש פאר א באלדיגער הערהאלונג פון אייער קראנקהייט, און איך האף אז איהר וועט באלד אין גיכען ווידער שטעהן אין דער שפיץ פון אונזער באוועגונג, וועלכע נויטיגט זיך אזוי שטארק אין אייער ראט און פיהרערשאפט.

נעמט צו מיינע בעסטע גרוסען פאר אייך און אייער פאמיליע.

זעהר אויפריכטיג אייערע,
**דוד דובינסקי,**
**פרעזידענט א. ל. ג. וו. י.**

# מאריס הילקוויט

## פון ד. דובינסקי

פרעזידענט א. ל. ג. וו. י.

אין דער געשיכטע פון דער קלאוקמאכער יוניאן און אין דער אויפבויאונג פון דער אינטערנעשאנאל האבען צוויי סאציאליסטישע לאיערס געשפילט אן אומגעהייערע ראלע. דאס זיינען געווען מאיר לאנדאן און מאריס הילקוויט. זיי זיינען געווען דאס פייער און ליכט פון די



מאריס הילקוויט

קלאוקמאכער און די הארץ און קאפ פון דער אינטערנעשאנעל. לאנדאן איז געווען דאס פייערדיגע הארץ און הילקוויט דער ליכטיגער קאפ פון אונזער ארגאניזאציע.

זינט די קלאוקמאכער יוניאן איז געווארען א פעסט־איינגעפונדעוועטע ארגאניזאציע, איז הילקוויט געווען איהר לאיער און עצה־געבער. אפיציעל איז ער אויך געווען דער אנערקענטער לאיער פון דער אינטערנעשאנאל אין משך פון די לעצטע 20 יאהר. אין דער ווירקליכקייט איז ער אבער געווען א סך מעהר ווי איהר „ליגעל אדווייזער". ער איז געווען דער שאפער פון אונזערע פאליסים, דער וועגווייזער פון אונזערע קאמפען און דער גייסטיגער פירער פון אונזער יוניאן. ער איז אונז געווען א ראטגעבער אין די קריטישסטע מאמענטען און אלע פון אונז, וואס האבען פארנומען א פאראנטווארטליכען אמט אין דער יוניאן, האבען אין איהם געפיהלט א ליבען איבערגעבענעם חבר און זעלטען קלארען און קלוגען קאפ. ווארים ניט געקוקט אויף זיין הויכע בילדונג, גייסטיגע אויטאריטעט און פראמינענטע שטעלונג, וואס ער האט פארנומען אין אונזער באוועגונג און אין דער אמעריקאנער געזעלשאפט, איז ער אין גאנצען געווען אן אונזעריגער. ער איז געווען בלוט פון אונזער בלוט און פלייש פון אונזער פלייש. קומענדיג קיין אמעריקא אלס יונגער אינטעליגענט פון רוסלאנד איז ער געווען געצוואונגען צו געהן אין שאפ ארריין ארבייטען און האט אלס שוירט מאכער זיך געמוטשעט צו מאכען א לעבען. זיין פרייע צייט האט ער פארבראכט אויף מיטינגען צווישען ארבייטער און האט דארט געטיילט אונזערע לײדען און פריידען, און זיין הארץ איז אנגעפילט געווארען מיט טיפער ליבע צו די ארבייטענדע מאסען. הילקוויט איז פאקטיש געווען איינער פון די הויפט־גרינדער פון דער אידישער טרייד יוניאן באוועגונג אין אמעריקא. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען אין יאהר 1888 און ער איז געווען אין דער ערשטער צייט דער פיהרער פון דער ארגאניזאציע. אין פולער הארמאניע מיט זיין שארפען שכל האט אין זיינע אדערן געפליסט דאס בלוט פון א גרויס מענשליך הארץ, וואס איז געווען אנגעפילט מיט ליבע צו דער לײדענדער מענשהייט. זיין הויפט וואפען אין קאמף מיט זיינע געגנער איז אבער הויפטזעכליך געווען זיין שארפער שכל און ריזיגע איבערצייגונגס־קראפט. ער האט אויסגעצייכענט געקענט אונזערע באלעבאטים און האט געוואוסט ווי אזוי צו ווירקען אויף זיי. ער האט זיי שטענדיג געזוכט גובר צו זיין מיט זיין שארפער לאגיק און איבערצייגונגס־קראפט. מיט זיין וויסען, בילדונג און רייכען באווייזמאטעריאל האט ער מייסטענס געצוואונגען די באלעבאטים צו אנערקענען די גערעכטע פאדערונגען פון די ארבייטער. מיט דיזע מעטאדען האט ער געוואונען דעם גרויסען מאוד־פראצעס געגען די אכט קלאוקמאכער נאכ'ן גרויסען גענעראל סטרייק פון 1910 און פילע אנדערע ארבייטער סכסוכים אין די קאפיטאליסטישע קאורטס.

די דאזיגע מיטלען האט ער מיט א זעלטענער פעהיגקייט אנגעווענדט צו פארטיידיגען די אינטערעסען פון די ארבייטער ביי אינדוסטריעלע קאנפערענצען צווישען דער יוניאן און די באלעבאטים. ער איז געווען דער מייסטער פון אונזערע אגרימענטס. צו זיצען מיט איהם ביי אגרימענט פארהאנדלונגען איז געווען אן אמת'ער גייסטיגער פארגעניגען. ער האט אויף אלע אנטייקנעמער געמאכט דאס זעלבע איז געווען דער פאל מיט אנדערע אזעלכע לאקאלס. די אינטערנעשאנאל איז געווען מעהר א קערפערשאפט אויפ'ן פאפיר ווי אין דער ווירקליכקייט. שלעזינגער האט ערשט געמאכט די אינטערנעשאנאל פאר א לעבעדיגע אינסטיטוציע, וועלכע האט אין זיך אריינגענומען די פארשיידענע טיילען איהרע סיי אין ניו יארק און סיי איבער'ן גאנצען לאנד, און אזוי אין זיי גופא אריינגעגעבען א שטארקערען לעבען, ווי זיי האבען געהאט ביז דאן.

נאך איין גרויסע זאך האט ער אויפגעטאן. דורך איהם, דורך זיין גרויסער פעהיגקייט אלס פובליסיטימען, האט די וועלט ניט נאר זיך דערוואוסט, נאר זי האט אויך דערפיהלט, אז אין אמעריקא איז דא אזא גרויסע אינסטיטוציע ווי די אינטערנעשאנאל, און עס איז פראקטיש ניט געווען קיין מענש אין אמעריקא, מעהר אדער ווייניגער פראמינענט אין דעם עפענטליכען לעבען, וועלכער איז אויף אזא אדער אן אנדער אופן ניט געווארען אריינגעצויגען אין דעם לעבען און אין דעם שיקזאל פון דער אינטערנעשאנאל, אין אנדערע ווערטער, אין דעם לעבען פון די הונדערט און פופציג טויזענט קלאוקמאכער, וויסט־מאכער און אלע אנדערע מאכער פון אונזערע אינדוסטריען.

און אזוי איז די אינטערנעשאנאל געווארען א גרויסע נאציאנאלע אינסטיטוציע, ווי דאס איז ניט געווען קיין אנדער יוניאן אין די פאראייניגטע שטאאטען.

דאס זיינען די צוויי גרויסע אויפטואונגען פון פרעזידענט שלעזינגער, וועלכע קיינער קען ניט אויסמעקען, און מיט וואס ער האט זיין נאמען פאראייביגט סיי אין דעם לעבען פון דער אינטערנעשאנאל און סיי פון דער גאנצער ארבייטער־באוועגונג אין אמעריקא.

# מאיר לאַנדאָן

## פון הלל ראַגאָף

מאיר לאַנדאָן האָט א צעהן־פופצעהן יאָהר געהאַלטען אָפיציעלע אמטען אין דער דזשאָינט באָארד פון די סלאָוקמאַכער און אין דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן. ער האָט געהאַט דעם טיטעל „לינעל אדווײזער”. ער האָט געקראָגען א באַשטימטען געהאַלט (ווען די יוניאָן האָט געהאַט צו צאָהלען), אָבער דער דורכשניטליכער מיטגליד פון דער יוניאָן האָט קיינמאָל איהם ניט באַטראַכט ווי א באַאמטען אָדער ווי אַן אָנגעשטעלטען. די מעהרסטע מעמבערס האָבען וואַהרשיינליך גאַרניט געוואוסט וואָס זיין אָפיציעלער אמט איז, וואָס זיינע אָפיציעלע אויפגאַבען זיינען. זיין פּלאַץ אין דער יוניאָן איז געווען אייגענאַרטיג, א ספּעציפיש „לאַנדאָניסטישער” און די באַציהונג פון די מיטגלידער צו איהם איז געווען פון א ספּעציעלען סאָרט.



מאיר לאַנדאָן

לאַנדאָן איז מיט דער יוניאָן אויפגעוואַקסען. ער איז צו איהר געקומען אין די ערשטע יאָהרען פון דעם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט, ווען זי האָט נאָך גאַרניט געהאַט אויסער א נאָמען און א הייפעלע „טרוימער”, באַגייסטערטע יונגעלייט וועלכע האָבען גע'חלום'ט וועגען א יוניאָן. דאָס איז געווען א צייט ווען די עקזיסטענץ פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אָפּהענגיג אָן דעם צי מען וועט קענען צונויפקלייבען עטליכע דאָלאר צו באַצאָהלען דעם האָל־קיפּער פאר א מיטינג פון עטליכע צעהנדליג מענשען. דאָס איז געווען א צייט ווען נאָך יעדען פערלאָרענעם שאָפּ־סטרייק פלעגען די באַאמטע זיך פארזאַמלען צו זיצען שבעה נאָך דער יוניאָן. דאַמאָלסט איז לאַנדאָן געווען איינער פון די פיהרער. זיין הויפּט־אויפגאַבע דאַמאָלסט איז געווען צו טרייסטען, אויפצוהאַלטען דעם מוט, ניט לאָזען די מענשען פארצווייפלען. ארום איהם פלעגען זיך דאַן טוליען די מעהר גלויביגע, די מעהר איינגעשפּאַרטע. ער איז פאר זיי געווען א שטענדיגער קוואַל פון האָפנונג, פון באַגייסטערונג, פון גלויבען. ער האָט זיי געוואַרימט מיט זיין אידעאַליזם, מיט זיין איבערגעבענקייט, מיט זיין טרייקייט, מיט זיין חבר'שאַפט.

אָט די ארבייט זיינע אין יענע שווערע יאָהרען האָט איהם „פארוואַנדעלט” אין א סלאָוקמאַכער. ער האָט געלערענט צו פארשטעהן יעדען פּראָבלעם פון דעם סלאָוקמאַכער אין דעם שאָפּ, יעדע טרייד־פראַגע פון די קלענסטע ביז די גרעסטע. ער האָט געלערענט צו פארשטעהן דאָס הארץ און די נשמה פון דעם סלאָוקמאַכער און פון דעם סלאָוק־באָס. ער האָט געוואוסט וואָס עס טוט זיך ביי דעם ארבייטער אין הויז, ווי ער לעבט און ווי ער לײדט, וואָס ער האָט און וואָס איהם פעהלט.

די לאַנג־יאָהריגע צוגעבונדענקייט מיט די סלאָוקמאַכער האָט איהם צוגעריים צו דער ריזיגער ראָלע וואָס ער האָט געדאַרפט שפּילען און וואָס ער האָט געשפּילט אין דעם היסטאָרישען סטרייק פון 1910, דער סטרייק וועלכער האָט געלעגט דעם פונדאַמענט פון דער איצטיגער אינטערנעשאָנאַל און פון דער גאַנצער אידישער ארבייטער־באַוועגונג. ער איז אין דעם סטרייק געווען אי א גענעראַל, אי א סאָלדאַט. ער האָט דעם סטרייק געווידמעט ניט בלויז די פעהיגקייטען זיינע, ניט בלויז דעם וויסען און די ערפאַהרונג זיינע, נאָר זיינע אַלע נערווען, זיינע אַלע געפיהלען, זיין גאַנצע ענערגיע, אַלעס וואָס ער האָט פארמאָגט פיזיש און גייסטיג.

אין די צייטונגס־רעפּאָרטס פון דעם סטרייק ווערט דערצעהלט ווי אזוי לאַנדאָן האָט אין יענע טעג געארבייט. אָפיציעל איז ער געווען דער לאָיער פון דער יוניאָן, פון די סטרייקערס. אָפיציעל איז זיין אויפגאַבע געווען צו פיהרען די אונטערהאַנדלונגען מיט די באַלעבאַטים און צו אָטענדען צו געזעצליכע פראַגען אין פארבינדונג מיט'ן סטרייק. אָבער דאָס איז געווען א גאַר קליינער טייל פון דעם וואָס ער האָט געטאָן אין דער ווירקליכקייט. ער איז מיט די ארבייטער געווען אין די האָלס און איז מיט זיי געגאַנגען אויף די פּיקעט לאַינס, ער האָט צו די ארבייטער גערעדט, זיי ערמוטיגט, זיי געוועקט, זיי ניט געלאָזען פארצווייפלען אין די פינסטע־רע וואָכען פון הונגערנוים. ער האָט געזוכט הילף און שטיצע פאר די ארבייטער אין יעדען ווינקעל וואו עס איז גאַר מעגליך געווען דאָס צו קריגען. און ער איז אין די אַלע ארבייטען געווען ערפאָלגרייך טאַקע דערפאר וואָס ער האָט אזוי גוט פארשטאַנען די פּסיכאָלאָגיע פון די סלאָוקמאַכער, ווייל ער האָט געוואוסט וואָס זיי טראַכטען און ווי זיי פיהלען און אויך דערפאר ווייל ער האָט געוואונען דעם פולען צוטרויען, די ליבע און אכטונג פון די מאַסען אין די סטרייקענדע רייהען. לאַנדאָן איז פאר זיי געווען מעהר ווי א פיהרער. ער איז געווען זייער עלטערער ברודער, זייער מעהר פארשטענדליכער, מעהר ערפאַהרענער חבר, וואָס איז פארוויקעלט אין דעם זעלבען קאַמף ווי זיי, ביי וועמען דאָס הארץ שלאָגט מיט די זעלבע לײדען און מיט די זעלבע שטרעבונגען און האָפנונגען ווי ביי זיי.

דאָ איז ניט דער פּלאַץ איבערצודערצעהלען די פארפּלאָנטערטע געשיכטע פון דעם סעטעלמענט פון דעם סטרייק פון 1910, דער סעטעלמענט וואָס איז אין די נעקסטע עטליכע יאָהר באַריהמט געוואָרען אונטער דעם נאָמען „דער פּראָטאָקאָל”. דאָ איז אויך ניט דער פּלאַץ אריינצולאָזען זיך אין א דיסקוסיע איבער דעם קאַמף וואָס האָט עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד געפלאַקערט אין דער יוניאָן איבער דעם סעטעלמענט און איבער די פּראָבלעמען וואָס זיינען אונטער דעם פּראָטאָקאָל געשאַפען געוואָרען. מאיר לאַנדאָן איז געווען איינער פון די וואָס האָבען דעם סעטעלמענט געשאַפען. ער האָט פארטראָטען דער יוניאָן ביי די קאָנפערענצען און אויסגעארבייט און אויסגעקעמפט די וויכטיגסטע פונקטען אין דעם פּראָטאָקאָל. ער איז אויך געשטאַנען אין רעכטען מיטען פון דעם

עטליכע טעג שפּעטער האָב איך פון הילקוויט'ן באַ־קומען פאָלגענדען ענטפער.

טייערער דובינסקי:

אייער בריוו האָט מיך זעהר טיף גערירט. באַזונ־דערס ווייל איך האָב געפיהלט אַז ער איז ניט געשריבען געוואָרען צוליב קאָנווענציאָנעלער פליכט און פאָרמעלער העפליכקייט, נאָר מיט דעם אויסדרוק פון אַן עכטען און וואַרימען געפיהל. דערפאַר דאַנק איך אייך פון די טיפע־נישען פון מיין האַרץ. דאָס, וואָס איך קען ניט זיין מיט אייך אין דיזער וויכטיגער צייט פון רייכע פאַסירונגען, איז איינער פון די גרויסע פאַרדרוסען, וואָס מיין קראַנקהייט האָט מיר פאַראורזאַכט. עס איז אָבער מיין הויפּט טרייסט, וואָס איהר האָט אין די פאַרהאַנד־לונגען און קאַמפּען די אויפגאַבע ערפילט אויף אַ גלענצענדען אופן.

איהר ווייסט אַז איך האָב אַלע מאָל געהאַט צו אייך די וואַרימסטע פריינדליכע געפיהלען, בעפאָר און נאָך אייער דערהויבונג צו דער פרעזידענטשאַפט פון דער אינטערנעשאָנעל. איך האָב אַלע מאָל געהאַט גלויבען אין אייך און אין אייערע פעהיגקייטען ווידער אויפצובויען די צושמעטערטע אָרגאַניזאַציע. איצט האָב איך יעדע אורזאַך צו זיין צופרידען פאַר דעם קליינעם חלק איינפלוס, וואָס איך האָב אויף אייך געהאַט צו איבערנעמען די פיהרונג פון דער אינטערנעשאָנעל אין אַזאַ קריטישער צייט, און איך פיהל אַ געוויסען סאָרט פריינדליכען שטאָלץ אין דעם אומ־באַשטרייטבאַרען פאַקט, אַז איהר האָט „גוטגעמאַכט":

איך ערוואַרט צו זיין צוריק אין שטאָדט גלייך נאָך לייבאָר דעי און איך האָף, אַז איך וועל דאַן האָבען אַ געלעגענהייט אייך אָפטער צו זעהן.

מיט אויפריכטיגע גראַטולאַציעס, בעסטע וואונשען און העפליכען גרוסען, אייער,

**מאָריס הילקוויט.**

אויף וויפיל מיר איז באַקאַנט איז דאָס געווען דער לעצטער בריף וואָס הילקוויט האָט מיט זיין אייגענער האַנד געשריבען. הילקוויט'ס האָפנונג צו קומען נאָך

MORRIS HILLQUIT

TELEPHONE VANDERBILT ...

~~... STREET NEW YORK~~

Au. 24, 1933

Avon, N.J.

Dear Dubinsky:

I was deeply touched by your kind note, particularly as I felt that it was not dictated by a conventional duty of formal politeness but expressed a very genuine and warm sentiment.

For this I thank you from the bottom of my heart.

One of my main regrets in my illness has been my inability to be with you during the trying and eventful days of your negotiations and struggles, and my main consolation has been that you acquitted yourself of the difficult task so splendidly.

You know I have always had a warm personal affection for you before and after your elevation to the presidency of the International. I had faith in you and in your ability to rebuild the shattered organization. Now I have every reason to be glad of whatever little part I played in inducing you to risk the venture and to take a sort of personal pride in the undeniable fact that you have made good.

I expect to be back in the city immediately after Labor Day and to hope to have a chance to see you more often.

With sincere congratulations, best wishes and cordial greetings

Yours

Morris Hillquit

לייבאָר דעי אין שטאָדט איז פאַר־ווירקליכט געוואָרען, אָבער עס איז לײדער ניט פאַרווירקליכט געוואָרען זיין האָפנונג, אַז ער וועט האָבען אַ געלעגענהייט זיך צו זעהן אָפט מיט מיר ועגען די אנגעלעגענהייטען פון דער יוניאָן. מיר האָבען זיך גע־זעהן בלויז איין מאָל און מיר האָבען געהאַט אַ לאַנגען געשפּרעך וועגען די אנגעלעגענהייטען **פון דער יוניאָן. באַלד נאָכדעם האָט איהם דער אומ־דערבאַרימדיגער טויט אוועקגעריסען פון אונז.**

ווייטענס, נאר ער האט זיך געשטעלט אין די פאדערשטע רייהען פון קאמף. ער איז געווארען דער הויפט־פיהרער פון דער גרופע אין דער יוניאן, וואס האט באקעמפט די עקסטרעמיסטען.

אין דעם קאמף איז לאנדאן ארויס דער זיגער. אבער דער קאמף האט איבערגעלאזען אזוי פיל פארביטערטע געפיהלען, אזוי פיל שלעכט בלוט, אז ער האט געפיהלט, דאס עס וועט זיין געזינטער פאר דער ארגאניזאציע ווען ער זאל זיך צוריקציהען פון זיין אמט אין דער ארגאניזאציע. און ער האט עס געטאן. ער האט זיין אמט פארלאזען אין די לעצטע מאנאטען פון 1913.

אין די הערצער פון די גרויסע מאסען קלאוקמאכער איז אבער לאנדאן פארבליבען אויף שטענדיג. זיין אוועקגעהן פון דעם אפיציעלען אמט האט ניט געענדערט זיין באציהונג צו דער ארגאניזאציע און פון דער ארגאניזאציע צו איהם. די קאנווענשאן, וואס די אינטערנעשאנאל האט אפגעהאלטען מיט איינינע מאנאטען שפעטער נאך זיין רעזיגנאציע, האט איהם איינגעלאדען אלס עהרען־גאסט, און די רעדע וואס ער האט דארטען געהאלטען איז אויפגענומען געווארען מיט די ווארימסטע באגריסונגען. אפילו די דעלעגאטען, וועלכע האבען ניט איינגעשטימט מיט לאנדאנ'ס שטעלונג און האנדלונג אין דעם קאמף, האבען געוואוסט אז זיינע מאטיווען זיינען געווען די ריינסטע און די שעהנסטע, אז ער איז באוואויגען געווארען פון זיין ליבע צו די ארבייטער, פון זיין איבערגעבענהייט און טריישאפט צו דער ארגאניזאציע.

און מיט עטליכע מאנאטען נאך דער קאנווענשאן האט די גאנצע קלאוקמאכער יוניאן, די רענק ענד פאיל מיטגלידער, געהאט די געלעגענהייט צו איבערצייגען לאנדאנ'ען ווי זיי פיהלען וועגען איהם, ווי טיף איינגעבאקען אין די הערצען ער איז זיי. דאס איז געווען ווען ער איז געלאפען פאר קאנגרעס־קאנדידאט אויף דעם סאציאליסטישען טיקעט אין דעם היסטארישען קאמפיין פון 1914. די קלאוקמאכער און די גאנצע אינטערנעשאנאל האט זיך אין דעם היסטארישען קאמפיין אריינגעווארפען מיט לייב און לעבען. די קלאוקמאכער האבען לאנדאנ'ס ערוועהלונג געמאכט פאר זייער זאך, פאר זייער אויפגאבע. זיי האבען געשאפען גרויסע סומען געלד און צוגעשטעלט מאסען טוער. לאנדאן איז געלאפען ניט בלויז אלס דער קאנדידאט פון דער סאציאליסטישער פארטיי נאר אויך אלס דער קאנדידאט פון דער טרייד יוניאן באוועגונג, און זיין קאנדידאטור אלס טריידיוניאניסט איז געווען געשטיצט הויפטזעכליך אויף די ריזיגע ארבייט וואס ער האט געלייסטעט די קלאוקמאכער און דער אינטערנעשאנאל.

די קלאוקמאכער יוניאן האט זיך אויסגעצייכענט מיט איהר פארטגעשריטענעם גייסט, מיט איהר אידעאליזם. אין דער אינטערנעשאנאל האט שטענדיג געקלאפט דער פולס פון סאציאליזם, פון העכערע גייסטיגע שטרעבונגען. ביז א גרויסען גראד האט זי עס צו פארדאנקען די פיהרערשאפט פון מאיר לאנדאן אין די ערשטע יאהרען פון איהר עקזיסטענץ. מאיר לאנדאן האט אין דער קלאוקמאכער יוניאן אריינגעגעבען א נשמה, ער האט אין איהר אריינגעבלאזען א גייסט פון סאציאליסטישען אידעאל. אויף דעם וועג האט ער איהר געפיהרט, אין דעם גייסט האט ער איהר ערצויגען.

מאיר לאנדאן האט פאר דער קלאוקמאכער יוניאן און פאר דער אינטערנעשאנאל געלעגט א פונדאמענט פון פראקטישען אידעאליזם און אויף דעם פונדאמענט איז די גרויסע שעהנע געביידע פון דער איצטיגער אינטערנעשאנאל אויסגעוואקסען.

# מאריס זיגמאן

## פון ש. פארבער

מאריס זיגמאן איז ניט געווען צווישען די ערשטע גרינדער פון דער אינטערנעשאנאל. ער איז נאך דעמאלט אין אמעריקא ניט געווען. ער איז ערשט אנגעקומען אין אמעריקא אין יאהר 1903, מעהר ווי דריי יאהר נאך דער גרינדונג פון דער אינטערנעשאנאל. אבער אויב ער איז ניט געווען פון איהרע ערשטע גרינדער איז ער אבער געווען פון איהרע ערשטע בויער. ער האט אין דער בויאונג פון דער אינטערנעשאנאל א העלפט פון זיין לעבען אריינגעלעגט.

דריי־און־צוואנציג יאהר פון זיין לעבען האט זיגמאן געווידמעט דער אינטערנעשאנאל און איהרע מעמבערס. אין די ביטערסטע קאמפען, וואס זיי האבען דורכגעמאכט איז ער געווען אין דער ערשטער רייהע. ער האט זיי געפירט און ערמוטיגט, ניט בלויז מיט ווערטער, נאר מיט'ןביישפיל פון זיין אייגענער האלטונג און אויפפיהרונג.

זיגמאן איז ניט געווען דער סארט פיהרער, וועמען דער הויכער אמט צאמט אפ פון די פשוט'ע מעמבערס און שטעלט אויעס א מחיצה צווישען זיי. ער איז אימער געשטאנען אין אינטימער פארבינדונג מיט דער מאסע. ער האט מיט זיי צוזאמען געלעבט און געליטען, האט מיטגעמאכט זייערע ליידען און פריידען. אין זיגמאנ'ען האבען די ארבייטער געזעהן ניט בלויז א פעהיגען, איבערגעגעבענעם פיהרער, נאר אויך א ליבען פערזענליכען פריינד, א פריינד צו וועמען זיי האבען זיך געווענדעט נאך ראט און הילף אין יעדער שוועריגקייט וואס זיי האבען באגעגענט, און זיי זיינען קיינמאל ניט אנטוישט געווארען.

די ארבייטער האבען זיגמאנ'ען געקענט. עס האבען זיגמאנ'ען געקענט די ערשטע פיאנערען, וואס האבען געבויט דעם פונדאמענט פון אונזער יוניאן אין די יאהרען 1908—1910, — דאמאלסט, ווען צו זיין א יוניאן־מאן האט געמיינט צו ליידען סיי פון די בעלי־בתים אין טרייד, וועלכע האבען געציטערט טאמער וועלען זייערע שקלאפען זיך נעמען בונטעווען און מאכען א סוף צו דער שרעקליכער שוויץ־סיסטעם, וואס האט דאמאלסט געהערשט אין די קלאוק־שעפער, און סיי פון די אומוויסענדע ארבייטער, וועלכע האבען געציטערט פאר א יוניאן און האבען געהאסט די פרעדיגער פון דעם יוניאן־געדאנק ניט וועניגער ווי די באלעבאטים. די דאזיגע ערשטע בויער פון אונזער יוניאן געדענקען זיגמאנ'ען אלס דעם אומערמידליכען פרעדיגער, אגיטאטאר און ארגאניזאטאר, וועלכער פלעגט אפגעבען יעדע פרייע מינוט וואס איז איהם געבליבען נאך א טאג שווערער ארבייט ביים פרעס־אייזען, צו פרעדיגען יוניאניזם צו די ארבייטער אין די גאסען, פארקס און פארשטיקטע פינסטערע פארזאמלונגס־לאקאלען אין דער נהעטא.



עס געדענקען איהם די וועטעראנען פון די ערשטע ריזיגע גענעראל־סטרייקס, וואס די ניו יארקער קלאוק און דרעס מאכער האבען דורכגעמאכט אין די יאהרען 1909־1910. די סטרייקס, וועלכע האבען די בידאמאלסט שוואכע אינטערנעשאנאל לידים גארמענט ווארקערס יוניאן פארוואנדעלט אין א קורצער צייט אין איינער פון די

שטורם, וואס האט דערנאך אין דער יוניאן אויסגעבראכען און איבער זיין קאפ האבען געקראכט די שווערסטע דונערען און בליצען. דאס אלץ איז געשיכטע, פיליכט דער דראמאטישסטער און וויכטיגסטער קאפיטעל אין דער געשיכטע פון דער גאנצער ארבייטער באוועגונג. געווים וועלען אויף שטענדיג בלייבען מיינונגס־פארשיידענהייטען אין די אלע געשעהענישען. געווים וועט אין דער געגענווארט און אין דער צוקונפט דער אורטייל זיין א צוטיילטער, אזוי ווי ער איז געווען אין דער פארגאנגענהייט, דאמאלסט ווען די אידישע גאס איז געווען צוריסען אין צוויי קעמפענדע לאגערען איבער דער פראגע פון „לאנדאן, הורוויטש און פראטאקאל”.

פאר אונז דא איז וויכטיג בלויז צו פארצייכענען איניגע פונקטען, וועלכע זיינען נויטיג פאר דער אפשאצונג פון לאנדאנ'ס לייסטונגען פאר דער אינטערנעשאנאל.

מאיר לאנדאן איז ניט געווען איינער פון יענע גענעראלען וואס זיצען ערגעץ ווייט הינטער דעם פראנט, ווייט פון דעם שלאכטפעלד וואו די קוילען פליהען און די טויטע פאלען. ער איז גאנצע צייט אליין געווען אין ערשטען פייער. ער האט געוואוסט דעם פרייז פון ליידען וואס די ארבייטער האבען געצאהלט. ער האט געוואוסט וויפיל קרבנות יעדער טאג האט געקאסט און האט פארשטאנען ווי אפצושאצען די כחות פון די קעמפער. ווען ער האט אויסגעארבייט די פונקטען פון סעטעלמענט און געראטען די ארבייטער זיי אנצונעמען האט ער עס געטאן אלס רעזולטאט פון די ערפאהרונגען וואס ער האט געהאט אין דעם סטרייק. ער האט געוואוסט ווי נויטיג עס איז געווען דעם סטרייק צו סעטלען, ווי גרויס די פליכט אין די שרעקליכע מלחמה כאטש אויף א ווילע אפצושטעלען און ווי גרויס די געפאהר איז איהר לענגער צו פארציהען.

און נאך א זאך האט לאנדאן געוואוסט, — אז דער פראטאקאל מיט אלע זיינע שוואכקייטען און פעהלערען האט געהאט איין גרויסע מעלה, וואס איז באשטאנען פאר אלעם, און דאס איז, וואס ער האט געגעבען די מעגליכקייט איינמאל פאר אלע מאל אויפצובויען אן אמת'ע יוניאן, אריינצוציהען אלע ארבייטער פון טרייד אין די רייהען פון דער ארגאניזאציע. לאנדאן האט געוואוסט דאן דאס, וואס יעדער יוניאן־טוער ווייס איצטער, אז וויכטיגער ווי סעטעלמענטס און קאנטראקטען איז א גוט־ארגאניזירטע ארבייטערשאפט, אז ווירקזאמער ווי אלע פראטאקאלען און אלע אונטערשריפטען פון די באלעבאטים איז א פאראייניגטע ארבייטער־מאכט.

דער פראטאקאל האט געגעבען דער יוניאן די מעגליכקייט, אויף וועלכער זי האט אלע יאהרען געווארט און געהאפט, די מעגליכקייט צו מאכען די קלאוקמאכער פאר געטריע, דיסציפלינירטע ארגאניזאציאנס־ארבייטער. ערשט נאך דעם קלאוקמאכער סטרייק און אונטער דעם פראטאקאל האט זיך גענומען ענדערען די אלטע פסיכאלאגיע פון דעם אידישען ארבייטער, די פסיכאלאגיע וואס האט זיך אויסגעדריקט אין דעם בארימטען ווערטעל: „דער אידישער ארבייטער איז אן אויסגעצייכענטער סטרייקער, אבער א שלעכטער יוניאן־מאן”.

אונטער דעם פראטאקאל איז דער קלאוק־טרייד ארגאניזירט געווארען פאקטיש כמעט הונדערט פראצענט. דאס, פאר וואס מ'האט זיך אם מייסטענס געשראקען, נעמליך אז דער „פרעפערענשעל” שאפ וועט ארויסטרייבען די גוטע יוניאן־לייט פון די שעפער, איז ניט מקוים געווארען. עס האט פאסירט פונקט פארקערט. טראץ דעם וואס דער באס האט געהאט דאס רעכט אויסצוקלייבען צווישען איין יוניאן־מאן און א צווייטען זיינען אלע שעפער געווארען שטרענגע יוניאן־שעפער. אונטער דעם פראטאקאל האבען די קלאוקמאכער געקראגען א „קלאוזד שאפ”.

די איבלען, וועלכע האבען זיך אנגעזאמעלט אין די שפעטערדיגע יאהרען אונטער דעם פראטאקאל, זיינען געווען אונפארמיידליך. די באלעבאטים האבען גענומען זוכען מיטלען ווי אזוי זיך ארויסצודרעהען פון די באדינגען וואס דער סעטעלמענט האט אויף זיי ארויפגעצוואונגען, און זיי האבען אזוינע מיטלען געפונען. דאס זעלבע וואלט פאסירט אונטער אירגענד אן אנדער סעטעלמענט. דער פאקט איז, אז דאס זעלבע האט פאסירט אין די שפעטערדיגע יאהרען, ווען אנדערע סעטעלמענטס זיינען געמאכט געווארען. דער כאראקטער פון דעם טרייד איז אזא, אז עס איז כמעט ווי אונמעגליך צו פארשפארען די אלע לעכער, דורך וועלכע מייז קענען זיך אריינכאפען און אנמאכען שאדען. דאס איז אן אייביגער פראבלעם, פאר וועלכען מען האט נאך פארלויפיג קיין זיכערע לייזונג ניט געפונען.

די ערשטע דריי יאהר, די שווערסטע דריי יאהר פון דעם לעבען פון דער יוניאן, פון דעם סעטעלמענט פון סטרייק ביז ענדע 1913, איז לאנדאן געווען דער פארשטעהער פון דער דזשאינט באארד און פון דער אינטערנעשאנאל. זיין הויפט־ארבייט אין די יאהרען איז געווען צו פארטיידיגען די יוניאן געגען די אטאקעס, וואס זיינען אויף איהר געמאכט געווארען פון די באלעבאטים וועלכע זיינען נאך ניט צוגעוואוינט געווארען צום געדאנק אז ארבייטער האבען רעכטע וואס מוזען שטרענג אפגעהיט ווערען. לאנדאן האט געוואוסט בעסער ווי אנדערע וואס אין די שעפער האט זיך דאמאלסט געטאן. ער האט געוואוסט וויפיל פארברעכענס עס זיינען געגען דעם סעטעלמענט באגאנגען געווארען. ער האט געוואוסט ווי שווער עס איז אנגעקומען פאר די ארבייטער צו קריגען גערעכטיגקייט אין די אונפארטייאישע געריכטען, וואס דער סעטעלמענט האט געשאפען. ער האט אויך געוואוסט ווי אזוי די ענטוישונגען און פארלוסטען ווירקען אויף די ארבייטער און די געפאהרען צו וועלכע זיי קענען דערפיהרען פאר ער יוניאן.

און דערפאר איז ער געווען פאר א קעמפערישער, אגרעסיווער שטעלונג געגען די באלעבאטים. ווען די אנגעזאמעלטע פארלעצונגען פון די באסעס האבען דערפיהרט די ארבייטער צו א פונקט פון אויסגעפלאצטען צארן און פראטעסט, האט לאנדאן זיי געשטיצט און ערמוטיגט אין דעם. ער האט זיך ניט גערעכענט מיט דעם „געשריבענעם ווארט” פון פראטאקאל, מיט דעם טויטען בוכשטאב. ער האט געפאדערט, אז דער פראטאקאל זאל אפגעהיט און דורכגעפיהרט ווערען אין דעם גייסט פון די וואס האבען איהם פארפאסט און אונטערגעשריבען. אזוי האט ער גערעדט צו די באלעבאטים ביי זיינע קאנפערענצען מיט זיי, און אזוי האט ער גערעט צו די ארבייטער אין זיינע בעראטונגען מיט זיי.

אבער די אומשטענדען האבען זיך אזוי ענטוויקעלט, אז ער האט געמוזט זיין שטעלונג מאדיפיצירען. און אין דער האנדלונג האט לאנדאן ארויסגעוויזען זיין אויפריכטיגקייט, זיין מוט, זיין געוויסענהאפטיגקייט. עס איז געשאפען געווארען א לאגע, וואס איז ניט קיין זעלטענע אין די אידישע יוניאנס. עקסטרעמע עלעמענטען האבען געוואלט אויסנוצען דעם צארן פון די מאסען און זיי פארפיהרען אין קאמפען, וואס וואלטען געשטעלט אין גרויס געפאהר אלעם וואס איז ביז דאן אויפגעבויט און אויסגעקעמפט געווארען. מאנכע פון די עקסטרעמיסטען זיינען געווען אויפריכטיגע מענשען, אבער אזוינע וואס האבען ניט קיין ערפאהרונג אין פראקטישע יוניאן־ארבייט, און מאנכע זיינען געווען קאריעריסטען וואס האבען געהאפט דורך דער לאגע פאר זיך דורכצוברעכען א וועג צום אויבען־אן.

לאנדאן האט זיך אריינגעווארפען מיט אלע זיינע כחות אין דעם קאמף צו פארמיידען די קאטאסטראפע פאר דער יוניאן. ער איז ארויסגעטראטען פאר א מתון מעסיגער האנדלונג ווי די עקסטרעמיסטען האבען געפאדערט. ער האט זיך לייכט געקענט האלטען פון דער ווייטענס פון דעם קאמף. זיין אפיציעלער אמט אין דער יוניאן אלס דער „ליגעל עדוויזער” האט פון איהם ניט געפאדערט ער זאל נעמען א שטעלונג. אבער, ווי אימער, האט זיך לאנדאן אויך דעם מאל ניט גערעכענט מיט זיינע פערזענליכע אינטערעסען אדער מיט זיין באקוועמליכקייט. ניט נאר איז ער ניט געבליבען שטעהן פון דער־

# אב. באַראָף

## פון פ. העלין

אברהם באַראָף'ס פּאָפּולאַריטעט און באַליבטקייט צווישען די קלאָוק און דרעס מאַכער שטאַמט פון דער גרויסער ראָלע, וואָס ער האָט געשפּילט אין דעם וואונדערליכען לידיס וועיסט מאַכער סטרייק אין 1909. זינט דעמאָלט איז ער געוואָרען א טייל פון דעם אינטערנעשאָנאַל־בנין, און האָט אין משך פון 14 שווערע און פאַראַנטוואָרטליכע יאָהרען אלס סעקרעטאַר־טרעזשורער עהרליך און געוויסענהאַפט פאַרוואַלטעט מיט דעם פאַרמעגען פון



אב. באַראָף

דער אינטערנעשאָנאַל. פון דער נאַטור א גוטמוטיגער און ווייכהאַרציגער, מיט פיל פיינעם טאַקט און גוטע מאַניערען, האָט ער צו זיך צוגעצויגען די ליבשאַפט און אכטונג פון אַלע יוניאָן־קרייזען און פון דער גאַנצער אַרבייטער־באַוועגונג.

באַראָף איז געבוירען געוואָרען אין רוסלאַנד דעם 20טען מאַי, 1870. ווען ער איז אַלט געוואָרען 19 יאָהר איז ער אָנגעקומען קיין אַמעריקא און איז גלייך צוגעשטאַנען צו דער טרייד יוניאָן און צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

זיין לעבען אין אַמעריקא איז אין אָנפאַנג ניט געוועזען קיין לייכטער. ער האָט געמוזט טיילען דעם גורל פון אַלע אינטעליגענטע עלעמענטען, וועלכע זיינען דאָ געצוואונגען געוואָרען צו געהן אַרבייטען אין די סוועט־שעפּער און ליידען אַלע דעמאָלדיגע ערנידערונגען. ער האָט געאַרבייט ביי שווירטס, דאַן ביי קלאָוקס און נאָכדעם ביי וועיסטס. זיין צאַרט האַרץ און עמפּינדליכע נשמה זיינען אין איהם אָנגעצונדען געוואָרען מיט צאָרן געגען דער עקספּלואַטאַציע אין די שעפּער און ער האָט פאַרזוכט צו אָרגאַניזירען און אויפקלערען די באַלמעלאָכעס. נאָר אין גיכען האָט ער געפונען גרויס באַפרידיגונג פון זיין ערפאָלגרייכער טעטיגקייט. זיין אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע האָבען געבראַכט פרוכט. אין 1909 זיינען די לידיס וועיסט מאַכער אונטער באַראָף'ס פיהרערשאַפט אַרויס אין סטרייק און האָבען דעם סטרייק געוואונען.

דער זיג פון דיזען סטרייק איז פאַר באַראָף'ן געוועזען א קוואַל פון גרויס באַגייסטערונג און רעוואָלוציאָנערען ענטוזיאַזם. די דאָזיגע געפיהלען האָט ער אויסגעגאָסען אין א גאַנצער רייהע אַרטיקלען און אַרבייטער־דערצעהלונגען. ער איז געוועזען דער שרייבער פון די דרעס־ און וועיסט־מאַכער; ער איז געוועזען זייער ראָמאַנטיקער.

באַראָף און דער דרעסמאַכער סטרייק זיינען גאָר שנעל אויך פּאָפּולער געוואָרען צווישען די קלאָוקמאַכער. מען קען אפילו זאָגען, אַז דער לידיס וועיסט מאַכער סטרייק פון 1909 איז געוועזען די מאַמע פון דעם קלאָוקמאַכער סטרייק אין 1910, אַז דער סטרייק פון 1909 אונטער באַראָף'ס פיהרערשאַפט האָט באַגייסטערט די פאַרשקלאַפטע קלאָוקמאַכער צום רעוואָלט געגען דער שוויצ־סיסטעם, וואָס האָט דעמאָלט עקזיסטירט. און טאַקע אַט דיביידע וויכטיגע פּעריאָדען זיינען געוואָרען די צוויי הויפּט־זיילען פון דער אינטערנעשאָנאַל, וועלכע האָט זיך דעמאָלט געהאַלטען אין איין וואַקלען.

דער לידיס וועיסט מאַכער סטרייק איז געוועזען א העכסט וויכטיגע פּעריאָדע אין באַראָף'ס לעבען. ער איז געוואָרען א פּאָפּולערער פיהרער פון א גרויסער יוניאָן, וועלכע האָט איהם געגעבען אויטאָריטעט אין דער גאַנצער באַוועגונג און האָט פאַר איהם אויסגעפּלאַסטערט א וועג צו די העכסטע פּונקטען פון דער פיהרערשאַפט אין דער אינטערנעשאָנאַל. אין 1914 איז ער געוואָרען וויצע־פּרעזידענט, און א יאָהר שפּעטער איז ער שוין געוועזען דער סעקרעטאַר־טרעזשורער פון דער אינטערנעשאָנאַל. דיזען אַמט האָט ער אָנגעהאַלטען 14 יאָהר לאַנג, ביז זיין שלעכטער געזונט־צושטאַנד האָט איהם געצוואונגען זיך צוריקצוציהען פון געזעלשאַפטליכער אַקטיוויטעט.

באַראָף'ס טעטיגקייטס־יאָהרען אין דער אינטערנעשאָנאַל זיינען געוועזען יאָהרען פון גלאַנץ, שטורם, קאַמף און ברודער־קריג, וואָס האָט שיער ניט געפיהרט צו דעם צוזאַמענבראָך פון דער יוניאָן. זיין צאַרט האַרץ איז דורך אַט דער שטורמדיגער צייט אָפּגעשוואַכט געוואָרען. און ער איז דעם 27טען סעפּטעמבער 1932 געשטאָרבען.

ער איז געשטאָרבען אין דעמזעלבען יאָהר וואָס שלעזינגער און זיגמאַן, מיט וועמען ער האָט יאָרען לאַנג צוזאַמען געפיהרט די שיף פון דער אינטערנעשאָנעל דורך שטורם און ווינט. אַלע דריי האָבען זייער גאַנצען לעבען געווידמעט די אינטערעסען פון די קלאָוק און דרעס מאַכער. יאָהרען לאַנג האָבען זיי געקעמפט און געשטריטען כדי דאָס לעבען פון די באַלמעלאָכעס אין די שעפּער און אין די היימען צו פאַרבעסערען און פאַרשענערען. זייער גאַנצען לעבען האָבען זיי געקעמפט צו שאַפען א שטאַרקע פאַראייניגטע יוניאָן. דער שיקזאַל איז געוועזען גרויזאַם צו זיי. באַראָף'ס חלום וועגען א שטאַרקער דרעס מאַכער יוניאָן איז א ביסעלע צו שפּעט מקוים געוואָרען.

פונקט ווי זיינע צוויי קאַמפס־ברידער, מאָריס זיגמאַן און בנימין שלעזינגער, איז באַראָף'ן ניט געוועזען באַשערט צו זעהן ווי דער טרוים פון זייער לעבען אויפצובויען א שטאַרקע יוניאָן און צו יוניאָניזירען די אַרבייטער איז מקוים געוואָרען.

גרעסטע, מעכטיגסטע אינטערנעשאנאלס אין דער אמעריקען פעדערייששאן אוו לייבאר. אין די דאזיגע מלחמות איז זיגמאן געוועז איינער פון די ענערגישסטע פיהרער.' איבערהויפט אין דעם קלאוקמאכער סטרייק פון 1910 איז זיגמאן געוועז דער טשערמאן פון דער פיקעט-קאמיטע. דאס איז געוועז דער סאמע שווערסטער און געפערליכסטער אמט. און זיגמאן איז ניט געוועז א טשערמאן, וועלכער שיקט אנדערע אין פייער. ער איז אליין געגאנגען צוזאמען מיט די פיקעטס, ארונטערגענומען סקעבס, זיך אליין אויסגעזעצט צו יעדער געפאהר צוזאמען מיט די, וואס האבען מיט איהם מיטגעארבייט.



מאריס זיגמאן

דערפאר וואס זיגמאן פלעגט אליין קריכען אין פייער האבען די באסעס איהם טאפעלט געהאסט און מורא געהאט, פאר זיין איינפלוס אויף די ארבייטער. דערפאר, ווען די באסעס האבען אין דעם יאהר 1913, דורך דעם טרויעריג-בארימטען שפיאן סולקעס, געמאכט א פארשווערונג צו פארניכטען די קלאוקמאכער יוניאן דורך אויפבויען א סקעב-אגענטור אונטער דער מאסקע פון אן אפאזיציע-יוניאן און האבען געמאכט א מארד-בלבול געגען די פיהרער פון דער יוניאן, באשולדיגענדיג זיי אין דעם טויט פון א סטרייק-ברעכער, האבען זיי אויסגעקליבען זיגמאנ'ען פאר זייער וויכטיגסטען קרבן. זעקס חדשים איז זיגמאן, צוזאמען מיט מיט אנדערע פיהרער פון דער קלאוקמאכער דזשאינט באארד, דעמאלט געזעסען אין טורמע, אנגעקלאגט אין מארד ערשטען גראד, אונטער'ן שאטען פון טויט. די ליידען און די געפאהר, וואס ער האט דורכגעלעבט, האבען אבער זיין מוט ניט געבראכען. ארויסגעהענדיג פון טורמע האט זיך זיגמאן אריינגעווארפען אין דער יוניאן-ארבייט נאך מיט מעהר ענערגיע און גרעסערער אנטשלאסענהייט.

***

עס האבען זיגמאנ'ען געקענט די פרעסערס פון לאקאל 35, וואו ער האט זיך אנגעשלאסען אלס מעמבער אין 1908, ווען ער האט אפגעבראכען מיט דער „אי דאבליו דאבליו", ווען יענע האבען זיך גענומען בויען אפאזיציאנס-יוניאנס און געמאכט פארזוכען צו צוברעכען די עקזיסטירענדע יוניאנס אין די אידישע טריידס. זיגמאן האט ערקלערט, אז עס איז בעסער צו האבען די ארבייטער פאראייניגט אין איין מעכטיגער יוניאן, ווען זי איז אפילו ניט אזוי ראדיקאל, ווי מיר וואלטען וועלען, איידער די ארבייטער זאלען זיין צושפליטערט אין באזונדערע קליידלאך, וועלכע רייסען זיך ארום צווישען זיך און סקעבען איינע געגען די אנדערע.

זיגמאן איז געוועז א סינדיקאליסט. די אידעען פון סינדיקאליזם האט ער קיינמאל ניט אויפגעגעבען. ער האט בלויז איינגעזעהן, אז דער מעטאד פון ברענגען די ארבייטער צום סינדיקאליזם דורך ארגאניזירען אפאזיציאנס-יוניאנס און אפזונדערען זיך אין קלייזלאך איז א שלעכטער און שעדיגט בלויז די ארבייטער, אנשטאט העלפען זיי. ער האט דעריבער זיין ענערגיע אריבערגעטראגען אויף דעם פיל ברייטערען פעלד פון דער אלגעמיינער טרייד-יוניאן באוועגונג.

עס האבען זיגמאנ'ען געקענט די דרעסמאכער. זיגמאן איז געוועז דער באשאפער פון דער דרעס מאכער דזשאינט באארד און איהר ערשטער מענעדזשער. נאר א ביטערען קאמף האט ער דאמאלסט געמוזט דורכמאכען. פילע פון אונז זייגען דאמאלסט געוועז געגען דער פאנאנדערטיילונג פון דעם וויסט און דרעסמאכער לאקאל 25 און די עטאבלירונג פון באזונדערע פאך-לאקאלען מיט א דזשאינט באארד. אבער אפילו די געגנער האבען זיגמאנ'ען רעספעקטירט און געאכטעט. מיט זיין שטאלענעם ווילען האט ער זיין אויפגאבע דורכגעפיהרט און ארגאניזירט די דרעס מאכער דזשאינט באארד.

עס האבען זיגמאנ'ען געקענט די פרויען-קליידער ארבייטער פון די אנדערע שטעדט אויסער ניו יארק. אלס וויים-פרעזידענט, דזשענעראל סעקרעטאר, און ענדליך, אלס דער העכסטער באאמטער פון אונזער אינטערנעשאנאל, אלס דער פרעזידענט פאר 6 יאהר צייט, האט ער זיך באטייליגט און אנגעפיהרט די קאמפען פון די ארבייטער אין אלע שטעדט, וואו פרויען-קליידער ווערען געמאכט.

***

זיגמאן איז געוועז ניט בלויז א טרוקענער טרייד-יוניאניסט, וועלכער באגרעניצט זיך מיט בלויז פיהרען די ארבייטער אין קאמף פאר די באלדיגע, טאג-טעגליכע קליינע פארבעסערונגען. נאר ער איז אויך געוועז אן אידעאליסט אין דעם שעהנסטען זינען פון ווארט. זיגמאן איז געוועז א סאציאליסט, וועלכער האט געשטרעבט און געקעמפט פאר א שעהנערער, מעהר מענשליכער געזעלשאפטליכער ארדנונג, וואו שקלאפעריי, עקספלואטאציע און אונטערדריקונג וועט ניט עקזיסטירען. זיין האפנונג האט ער געלעגט אויף דעם ארבייטער-קלאס. דעם ארבייטער האט ער באטראכט אלס דעם טרעגער פון דער נייער ארדנונג, און די יוניאן — אלס די צעלע פון דער קינפטיגער פרייער געזעלשאפט.

זיגמאנ'ס כאראקטער איז געוועז פול מיט קאנטראסטען און בלויז זיין רייזיגער ווילען האט געקענט פון די קאנטראסטען אויסהאמערען די שטאלענע, גאנצע איינהייטליכע פערזענליכקייט, וואס ער האט מיט זיך פארגעשטעלט.

זיגמאן האט דורך זיין פעסטען כאראקטער, זיין שטארקען ווילען, זיין גראדקייט, אפענהארציגקייט און עקשנות דורכצופיהרען זאכען זיך געשאפען א סך שונאים, אבער דערפאר אויך א גרויסע צאהל פריינד און איבערגעבענע טריעע פריינד, וואס וועלען קיינמאל זיין נאמען ניט פארגעסען.

# דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד פון 1932—1934

## דוד דובינסקי

### פרעזידענט און דזשענעראל סעקרעטארי־טרעזשורער פון דער אינטערנעשאנעל

פון ב. ראזמאן.

דוד דובינסקי האט איבערגענומען די פירערשאפט פון דער אינטערנעשאנעל אין איהר קריטישסטען מאמענט. דאס איז ניט געווען ווען ער איז געווארען פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל, נאר ווען ער איז געווארען עקטינג פרעזידענט. אלץ איז אין יענער צייט געווען קראנק. עס איז געווען קראנק די יוניאן, עס איז געווען קראנק איר פרעזידענט און עס איז געווען קראנק איהר סעקרעטאר טרעזשורער. עס איז געווען אין דער צייט, ווען די יוניאן, נאך איהר לאנגען און שווערען קאמף מיט איהרע קאמוניסטישע צושטערער פון אינווייניג און שונאים פון אויסווייניג האט אנגעפאנגען מאכען אנשטרענגונגען זיך צוריק אויפצובויען פון איהרע חורבות, אבער עס איז איהר שווער געווען זיך צושטעלען אויף איהרע פיס. איהר קאסע איז ניט בלויז געווען ליידיג, נאר זי איז נאך געווען פארטרונקען אין חובות — א טרויעריגע ירושה, וואס די קורצע קאמוניסטישע הערשאפט אין דער קלאוקמאכער יוניאן האט איהר איבערגעלאזען. ב. שלעזינגער, וואס האט געהאט איבערגענומען דעם פרעזידענט אמט אין דער אינטערנעשאנעל, נאכדעם ווי זיגמאן האט רעזיגנירט, האט געמאכט גרויסע אנשטרענגונגען אויפצוריכטען די יוניאן און אויך מיט ערפאלג, אבער ער איז אין מיט'ן זיין ארבייט קריטיש קראנק געווארען. ב. באראף, דער דזשענעראל סעקרעטאר טרעזשורער, וועלכער איז געווען שוין פון א לענגערער צייט א קראנקער מענש, האט זיך אין דעם קריטישען פינאנציעלען צושטאנד, אין וועלכען די אינטערנעשאנאל האט זיך געפונען, איינגאנצען געפילט הילפלאז. דער אפיס פון דער אינטערנעשאנעל האט דעמאלט אויסגעקוקט ווי א פוסטע קרעטשמע. און אט דעמאלט איז דוד דובינסקי, אויפגעבענדיג זיין אמט אלס מענעדזשער אין דער געזונטער קאטערס יוניאן, געקומען אין דעם אפיס פון דער קראנקער אינטערנעשאנעל. דערצו האט מען נויטיג געהאט א סך מוט, א סך אפטימיזם און א סך גלויבן אין די באהאלטענע כוחות פון דער יוניאן.



אין די ריהען פון דער יוניאן הערט מען אפט, אז דוד דובינסקי איז א מזל'דיגער. די לאגע פון דער קלאוקמאכער יוניאן און פון דער אינטערנעשאנעל אין גאנצען האט אויסגעקוקט זייער ניט פרעהליך, ווען ער איז אריינגעקומען אין אפיס, אבער אין עטליכע חדשים ארום האט זיך די לאגע אזוי שטארק געענדערט צום בעסערן, ווי עס וואלט א נייל־ער־בען אריינגעבלאזען געווארען אין דער ארגאניזאציע. עס זיינען אפגעהאלטען געווארען גרויסע, ערפאלגרייכע מאס־מיטינגען פון די קלאוקמאכער. איין מאס־מיטינג האט אפילו אנגעפילט א גרויסע ארמאָרי. עס איז אויך א באפעל פון דער יוניאן ערפאלגרייך דורכגעפירט געווארען אן אלגעמיינער סטאפעדזש אין די קלאוקשעפער פון ניו יארק און עס איז געשלאסען געווארען א נייער אפמאך מיט די קלאוקס־מאנופעקטשורערס, וואס איז געווען גאנץ גינסטיג פאר די קלאוק מאכער. אין קורצען, אין דער אינטערנעשאנעל איז ווידער לעבעדיג געווארען.

איז דאס ניט מזל?

איז אבער געקומען דער גרויסער שווערער קריזיס אין אמעריקע און האט געמאכט פון אלץ א תל. עס זיינען רואינירט געווארען די אינדוסטריען אין אמעריקא און מיט זיי אויך די ארבייטער יוניאנס אין אמעריקע.

די פרויען קליידער אינדוסטריע האט אין דער פרט ניט געקענט זיין קיין אויסנאם און ס'האט אויך ניט געקענט זיין קיין אויסנאם די אינטערנעשאנעל. און גראד אין דער שווערער, ביטערער לאגע פון דער אינטערנעשאנעל איז דוד דובינסקי געווארען דער פרעזידענט. פיל מעהר — דער פרעזידענט און דער סעקרעטאר־טרעזשורער. און די לאגע איז געווארען ערגער און ערגער, עס האט דערגרייכט א צושטאנד, וואס איז געווען נאהענט צו פארצווייפלונג. אבער

# דזשאַהן דייטש

פון ד. ז.

צווישען די בויער פון דער אינטערנעשאַנאַל, אויב ניט פון איהרע גרינדער, דאַרף אויך דערמאָנט ווערען דער נאָמען דזשאהן דייטש.

דזשאהן דייטש איז געקומען אין אמעריקא אין א יאָהר שפּעטער ווי די אינטערנעשאַנאַל איז געגרינדעט געוואָרען, אָבער ער איז געוואָרען גלייך טעטיג אין איהר און זיין אַרבייט פאַר איהר איז געוועזן זעהר ווערטפול, ווייל ער איז שוין געקומען אין אַמעריקא מיט א טרייד יוניאָניסטישער ערפאַהרונג פון ענגלאַנד, מיט א גוטער קענטניש פון דער ענגלישער שפּראַך און מיט אַן אַלגעמיינער בילדונג.



דזשאהן דייטש

דזשאהן דייטש איז געבאָרען געוואָרען אין קאָוונע, ליטע, מיט איבער זעכציג יאָהר צוריק אין א באַקאַנטער רבנישער פאַמיליע (אונטער דעם נאָמען דייכעס). זיין פאָטער האט זיך באַמיהט איהם צו ערציהען לויט דעם גייסט און דער טראַדיציע פון דער פאַמיליע, אָבער עס האט זיך איהם ניט איינגעגעבען. דזשאהן דייטש האט אין געהיים אַנגעפאַנגען לייענען פאַרבאָטענע ביכלאַך, האט זיך אַנגעפאַנגען לערנען רוסיש און איז געוואָרען אַן אַפּיקורס, און דאָס האט ענדליך געפיהרט דערצו, אַז ער זאָל זיך שיידען פון זיינע עלטערנס הויז. ער איז אַוועק אין ענגלאַנד און האט זיך באַזעצט אין לידז, זיך אַנגעפאַנגען לערנען שניידעריי און איז געוואָרען אַן אָפּערייטאָר ביי מענער קליידער. ער איז אָבער אין לידז ניט לאַנג געבליבען. ער איז געקומען אין לאָנדאָן און אַנגעפאַנגען אַרבייטען אַלס אַן אָפּערייטאָר ביי סקוירטס. זיינע פרייע אָווענדען האט ער אויסגענוצט זיך צו לערנען. ער האט זיך באַזונדערס אינטערעסירט מיט סאָציאַלע און עקאָנאָמישע וויסענשאַפטען. ער איז אָבער ניט לאַנג פאַרבליבען אין שאָפּ. ער איז געוועהלט געוואָרען פאַר דעם סעקרעטער פון דער לאָנדאָנער מענטעל מאַכער יוניאָן.

אין 1901 איז דזשאהן דייטש געקומען אין אמעריקא און האט זיך באַזעצט אין ניו יאָרק. ער האט געקראָגען אַרבייט אין א סקוירט שאַפּ און איז געוואָרען אַקטיוו אין דער סקוירט מאַכער יוניאָן לאָקאַל 23. אין 1904 איז ער געוועזן א דעלעגאַט צו דער קאָנווענשאַן פון דער אינטערנעשאַנאַל אין באָסטאָן און איז געוועהלט געוואָרען סעקרעטער טרעזשורער. איינענטליך איז פריהער אויף דער זעלביגער קאָנווענשאַן געוועהלט געוואָרען אַן אַנדערער, איינער א בראַונשטיין, אָבער עס זיינען נעגען איהם אויפגעהויבען געוואָרען ערנסטע קלאַגען און זיין וואַהל איז אַנולירט געוואָרען און מען האט זיך געאייניגט אויף די קאַנדידאַטור פון דזשאהן דייטש, וועלכער איז באַזונדערס רעקאָמענדירט געוואָרען פון סעמיועל גאָמפּערס.

דזשאהן דייטש האט זיין אמט אַנגעהאַלטען אין דער אינטערנעשאַנאַל ביז 1914 און אין זיין צייט איז די אינטערנעשאַנאַל אויסגעוואַקסען פון א קליינער אָרגאַניזאַציע אין איינע פון די גרעסטע יוניאָנס אין לאַנד און דזשאהן דייטש האט פאַרנומען א זעהר אַנגעזעהענע פּאָזיציע אין דער אַמעריקאַנער טרייד יוניאָן באַוועגונג. מען האט איהם גערעכנט פאַר איינעם פון די אינטעליגענטסטע טרייד יוניאָן פיהרער אין דער אַמעריקען פעדערישאַן אָוו לייבאָר און ער איז געוועזן א גרויסער חשוב ביי גאָמפּערס'ן. אָבער דזשאהן דייטש איז ניט געוועזן איבעריגנס פּאָפּולער ביי די קלאָוקמאַכער און ביי די אַרבייטער אין אַלגעמיין.

דזשאהן דייטש איז געקומען אין אַמעריקא מיט פאַרטיגע פאַרגליווערטע טרייד יוניאָניסטישע טעאָריעס פון ענגלאַנד און ער האט ניט געוואָלט נעמען אין באַטראַכט, אַז די אידישע קלאָוקמאַכער אין ניו יאָרק האָבען דורכגעמאַכט א גאַנץ אַנדער טרייד יוניאָניסטישע שול, ווי די קוילען־גרעבער, אָדער אייזען אַרבייטער אין ענגלאַנד. די אידישע קלאָוקמאַכער אין ניו יאָרק האָבען געלערנט זייער טרייד יוניאָניזם פון סאָציאַליסטען אויף סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונגען, בעת די ענגלישע אַרבייטער אין יענער צייט האָבען געלערנט זייער טרייד יוניאָניזם פון קאָנסערוואַטיווע טרייד־יוניאָן־פיהרער אין די אַלטע איינגעפונדעוועטע ענגלישע טרייד יוניאָנס. איהם האט דערצו געפעלט די פעהיגקייט אָדער דער ווילען זיך צו מאַכען היימיש מיט די אַרבייטער און נאָהענט צו זיי. מען האט ניט געצווייפעלט אין זיין איבערגעבענהייט צו דער יוניאָן און זיין טרייהייט צו די אינטערעסען פון די אַרבייטער, אָבער ער האט ניט פאַרשטאַנען ווי צו געווינען די הערצער פון די אַרבייטער. ביי איהם איז געוועזן קאָנסטיטוציע און דיסציפּלין דער עיקר פון אַלע עיקרים. דערצו האט ער געוואָרפען אַן אום'חן אויף די סאָציאַליסטען, באַזונדערס די אידישע, און ער האט עס געזוכט צו דעמאָנסטרירען ביי יעדער געלעגענהייט. דאָס האט איהם אויך קיין פּאָפּולאַריטעט ניט צוגעגעבען ביי די אַרבייטער, וועלכע זיינען דעמאָלט צום גרעסטען טייל געשטאַנען אונטער דעם סאָציאַליסטישען איינפלוס. דאָס אַלץ האט געפיהרט דערצו, אַז נאָך דער „יצחק אייזיק הורוויטש אַפּעיר", ווי מען רופט עס אין דער קלאָוקמאַכער געשיכטע, האט דזשאהן דייטש דערפיהלט, אַז ער קען מעהר ניט זיין נוצליך פאַר דער אינטערנעשאַנאַל.

דזשאהן דייטש האט אָבער פון צייט צו צייט פּרובירט לערנען די קלאָוקמאַכער זיין טרייד יוניאָניזם און זיי צו געבען עצות אויך נאָכדעם, ווי ער איז אַוועק פון דער אינטערנעשאַנאַל, און מאַנכעס מאָל ניט אין דער פּאַסענדער צייט, ווען זיי זיינען, למשל, געוועזן פאַרוויקעלט אין א קאַמף מיט די באַלעבאַטים און דאָס איז באַטראַכט געוואָרען פון די אַרבייטער פאַר ניט טאַקטיש און פאַר אונפריינדליך.



איזידאר נאגלער



סאלוואטארע נינפא
ערשטער וויס־פרעזידענט



דזשוליוס האכמאן

## סאלוואטארע נינפא

געבארען דעם 13טען מאי, 1883, אין דיציליע, איטאליען. געלערנט אין פאלקס שול. פאטער געווען א שניידער און האט אנטייל גענומען אין דעם רעוואלוציאנערען קאמף פון גאריבאלדי. נאך ענדיגען פאלקס שול זיך געלערנט שניידעריי און אין 1899 געקומען אין אמעריקע. געווארען אקטיוו אין דער קלאוקמאכער יוניאן אין 1903, ווערענדיג א מיטגליד פון פינישער לאקאל 9. געוועהלט געווארען אין דער עקזעקוטיווע פון לאקאל און אין זעלביגען יאהר געשיקט געווארען אלס דעלעגאט צו דער סענטראל פעדערייטעד יוניאן. אין א קורצער צייט ארום אנגעשטעלט געווארען פון דער אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר פאר ארגאניזער פון די סאבוויי קאנסטראקשאן ארבייטער. געפירט דעם סטרייק פון די ארבייטער ביי בויען די 4טע עוועניו סאבוויי. אין 1907 אנגעשטעלט פאר ארגאנייזער פון דער אינטערנעשאנעל. אין 1910 געוועהלט פאר ביזנעס אייזשענט פון לאקאל 9. אין 1917 געווארען מענעדזשער פון לאקאל 48. אין 1918 געוועהלט געווארען פאר וויים פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל. אין 1922 געוועהלט געווארען ערשטער וויים פרעזידענט. געווען א דעלעגאט צו מעהרערע קאנווענשאנס פון דער אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר. געווען קאנדידאט פאר קאנגרעסמאן פון דער אמעריקען לייבאר פארטיי.

---

## איזידאר נאגלער

געבארען דעם 25טען פעברואר, 1895, אין גאליציע. פאטער אן ארימער סוחר און אן ארטאדאקסישער איד. געלערנט אין חדר און באזוכט די פאלקס־שול. געקומען אין אמעריקע (ניו יארק) אין 1909 און געגאנגען א פאר יאר אין פאבליק סקול. אין 1912 זיך געלערנט פאר א קאטער ביי קלאוקס און אין 1914 געווארען מיטגליד אין לאקאל 10. אין 1918 געוועהלט געווארען רעקארדינג סעקרעטאר פון לאקאל; אין 1920 געוועהלט געווארען פאר ביזנעס אייזשענט; אין 1926 אנגעשטעלט געווארען פון קלאוק מאכער דזשאינט באארד פאר דעם מענעדזשער פון אינדאסטריעל קאונסיל דעפארטמענט; אין 1928 געוועהלט געווארען פאר דזשענעראל מענעדזשער פון דזשאינט באארד און אין 1929 אויף דער קאנווענשאן אין קליוולאנד געוועהלט פאר וויים־פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל. געווען פיר מאל א דעלעגאט צו די קאנווענשאנס פון דער אמעריקע פעדעריישאן אוו לייבאר.

---

## דזשוליוס האכמאן

געבארן דעם 12טן יאנואר, 1892, אין שטעטעל טעלענעשט, בעסאראביע. געגאנגען אין חדר ביז 12 יאהר. קיין שול־בילדונג ניט באקומען. צו 12 יאהר אנגעפאנגען ארבייטען אלס דאמסקע שניידער אין פאטערס מאסטערסקאיא און גלייך אריינגעצויגען געווארען אין דער רעוואלוציאנערער סאציאליסטישער באוועגונג. צו 15 יאהר אנגעקומען קיין אמעריקע און גלייך געווארען א שוירט מייקער און ביינאכט זיך געלערנט ענגליש און שפעטער געגאנגען אין איווינינג האי סקול. בעת דעם גענעראל סטרייק פון 1910 געווארען א מיטגליד פון לאק. 23, אין 1914 שאפ־טשערמאן פון פאריזיען מאנופ. קא. נאך דעם גענעראל סטרייק פון 1916, באשטימט געווארען אלס ביזנעס אייזשענט פון דער דרעס מאכער יוניאן. אין 1419, אויפ'ן פארלאנג פון ב. שלעזינגער, געפארען קיין שיקאגא אלס ארגאנייזער. געפירט א קאמפיין, ארגאנייזירט די דרעס מאכער און אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט צוויי אסאסיאיישאנס. א יאר שפעטער צוריקגערופען געווארען קיין ניו יארק און געווארען דעפארטמענט מענעדזשער פון דער דרעס מאכער יוניאן. אין 1922 געווארען דזשענעראל מענעדזשער פון דרעס מאוער יוניאן אין ניו יארק. געפירט דאן א גענעראל סטרייק פון 40 טויזענט דרעס מאכער, און געוואונען די 40־שטונדיגע ארבייטס וואך. אין 1923 רעזיגנירט און באזוכט א יאר צייט ברוקוואוד קאלעדזש. געווען ארגאנייזער אין קענעדע און אין באסטאן. אין 1928 געווארען דזשענעראל מענעדזשער פון דער קלאוק און דרעס מאכער דזשאינט באארד אין ניו יארק. זייט 1929 ווידער דזשענעראל מענעדזשער פון דער דרעס מאכער דזשאינט באארד.

אויף דער פילאדעלפיער קאנווענשאן אין 1925 צום ערשטען מאל געווארען וויים־פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל.

אלע יארען אין אמעריקע געווען א מיטגליד פון דער סאציאליסטישער פארטיי. געווען עטליכע מאל א קאנדידאט אויפ'ן סאציאליסטישען טיקעט. פאטער איז נאך היינט צו טאג א מיטגליד אין דער פילאדעלפיער קלאוקמאכער יוניאן.



דא האט זיך ווידער באוויזען דובינסקי'ס מזל און האט איהם ארויסגעהאלפען. עס איז געקומען צופליהען דער בלויער אדלער און אלץ איז ניט נאר גוט געווארען, נאר עס איז געווארען בעסער ווי ווען עס איז.

עס זיינען פאראן מענשען, וואס גלויבען ווירקליך אז מען דארף בלויז האבען מזל און ווייטער גארנישט. נאר עס איז די אלטע מעשה מיט דעם הימעל, וואס שפאלט זיך הושענה רבה ביינאכט און מען דארף האבען דעם מזל צו כאפען דעם מאמענט ווען ער שפאלט זיך און מען קריגט דעמאלט אלץ, וואס מען פארלאנגט. די צרה איז אבער, וואס מען פארשלאפט שטענדיג דעם מאמענט און מען כאפט איהם ניט. כדי צו כאפען דעם מאמענט, דארף מען האבען ניט מזל, נאר א וואכזאמע און א שארפע אויג און מען דארף אויך וויסען אין דעם געקומענעם מאמענט וואס צו פארלאנגען און ווי צו פארלאנגען. עס קען טרעפען, אז עס טויג ניט ווען מען פארלאנגט פיל, ווען מען ווייסט ניט ו ו י צו פארלאנגען. עס האט געטראפען ווען איינער האט פארלאנגט, כאפענדיג דעם מאמענט, ווען דער הימעל האט זיך געעפענט, אז צו אלץ וואס ער וועט זיך אנרירען זאל ווערען גאלד, נאר ווען זיין פארלאנג איז ערפילט געווארען איז ער געשטארבען פון הונגער, ווייל אלץ וואס ער האט אנגערירט מיט זיינע הענט אדער מיט זיין מויל איז געווארען גאלד און גאלד קען מען ניט עסען.

מיט מזל אליין קען מען בלויז שפילען אין לאטעריע, אדער רולעטקע. אין בייסבאל, אבער, העלפט ניט קיין מזל. מען דארף קענען דאס שפיל.

דוד דובינסקי האט זיינע ערפאלגען אין דער יוניאן דערגרייכט מיט זיינע פעהיגקייטען, מיט זיין שכל, מיט זיין ענערגיע, מיט זיין וויסען ווי ארומצוגעהן מיט מענשען און צו פארשטעהן מענשען און ווי אויפצוכאפען א גינסטיגען מאמענט און איהם אויסנוצען פאר דער יוניאן. דובינסקי האט באוויזען גלייך ווי ער איז אריינגעקומען אין אפיס פון דער אינטערנעשאנעל, אז ער פארשטעהט איוסגעצייכענט ווי צו פארהאנדלען מיט די באלעבאטים, קריגענדיג פון זיי אין יענער קריטישער צייט אזא גינסטיגען אפמאך פאר די קלאוק מאכער, אבער ער האט דערביי אויך באוויזען, אז ער פארשטעהט אויך אויסגעצייכענט גוט ווי צו פארהאנדלען מיט זיינע אייגענע ברידער ארבייטער און דאס איז אפט א באזונדערס שווערע אויפגאבע. דובינסקי'ן האט זיך איינגעגעבען צו שאפען אין דער אינטערנעשאנעל, אין דער קלאוק מאכער יוניאן און אין דער דרעס מאכער יוניאן מעהר הארמאניע, געמיינשאפטלאכען צוזאמענארבייטען און געגענזייטיגע פארשטענדיגונג, ווי ווען עס איז. ער האט אונטערדריקט פערזענלאכע סימפאטיעס און אנטיפאטיעס אבי ער האט נאר געקענט געווינען מעהר איינינקייט אין דער יוניאן און אויף דעם אופן האט זיך איהם איינגעגעבען צו פארוואנדלען אפאזיציעס אין לאיאלע מיטארבייטער.

דובינסקי האט אויך באוויזען, אז ער פארשטעהט אויסגעצייכענט צו פיהרען די פינאנציעלע באלעבאטישקייט פון דער יוניאן. ער האט עס גלענצענד באוויזען, ווען די אינטערנעשאנעל האט זיך געפונען אין א פינאנציעלן קריטישען צושטאנד.

און אויך צום בלויען אדלער האט מען געדארפט האבען מעהר ווי מזל. דער בלויער אדלער איז געפלויגען אין אלע פענסטער און איבער אלע דעכער און יעדער האט געקענט כאפען א פאר פעדערען פון זיינע פליגעל, אדער ווייניגסטענס פון זיין עק, אבער די מייסטע האבען פארשלאפען דעם מאמענט, אדער האבען ניט פארשטאנען ווי איהם אויסצונוצען. און ווען זיי האבען שפעטער זיך אנגעפאנגען יאגען נאך איהם איז שוין געווען צו שפעט, ווייל די באלעבאטים האבען אונטער דער צייט שוין באוויזען איינצושליסען דעם בלויען אדלער אין א שטייג פון וועלכען זיי האלטען דעם שליסעל.

---

דוד דובינסקי איז דער ערשטער פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל, וואס איז אויסגעהאדעוועט געווארען פון „בונד" און זיכער האט דער „בונד" א געוויסען חלק אין דעם ערפאלג, וואס ער האט געמאכט אלס אן ארבייטער־פיהרער.

געבוירען ביי א פאטער א בעקער (אין ברעסט־ליטאווסק, 1892), זיך ערצויגען ביי א שטיף־מאמען און איינגעשפאנט געווארען אין דער ארבייט שוין אין דער פריהער יוגענד, איז דובינסקי געווען איינער פון די פאסענדסטע קאנדידאטען אריינגעצויגען צו ווערען אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג פון רוסלאנד. ער איז אריין אין „בונד" ווען ער איז נאך געווען גאנץ יונג און ער האט זיך גלייך געלאזט פילען. דאווידקע דער בעקער (געלערנט די מלאכה ביים פאטער) איז געווארען אויף גיך א גאנץ פאפולערע פערזענליכקייט צווישען די יונגע בונדיסטען אין לאדז און ווען ער איז אלט געווען פופצען יאר איז ער שוין געווארען א געהילף פון דעם סעקרעטאר פון פראפעסיאנעלען בעקער פאראיין און האט געהאלפען אנפירען א סטרייק פון בעקער ארבייטער און איז ארעסטירט געווארען און אפגעזעסען דריי חדשים אין דער טורמע פאר פאליטישע פארברעכער. ער איז אבער פון טורמע ניט ארויסגעקומען אן „אויסגעבעסערטער", ווי די פאליטישע פאליציי האט עס פון איהם דערווארט. ער איז גלייך נאך זיין באפרייאונג צוריק געווארען טעטיג אין „בונד" און אין דעם פראפעסיאנעלען בעקער פאראיין. האט דעריבער די פאליטישע פאליציי איהם ווידער ארעסטירט (1908) און דאס מאל איז ער שוין לייכט ניט אפגעקומען. ער איז נאך אייניגע חדשים זיצען אין טורמע פארשיקט געווארען אין סיביר, וואו ער איז געווען אנדערטהאלבען יאהר ביז איהם האט זיך איינגעגעבען צו אנטלויפען און קומען אין אמעריקע.

ער האט די ערשטע צייט זיך פראבירט נעמען צו פארשידענע מלאכות, אויסער בעקעריי אויף וועלכע ער האט געווארפען אן אומ'חן, ביז ער האט זיך דערשלאגען צו ווערען א צושניידער (קאטער) ביי קלאוקס. יוניאן טעטיגקייט האט איהם אנפאנגס דא אין גאנצען ניט אינטערעסירט, ער האט זיך פיל מעהר אינטערעסירט מיט דער סאציאליסטישער באוועגונג און ער איז אין א קורצער צייט געווארען איינער פון די טעטיגסטע און איינפלוסרייכסטע מיטגלידער פון דער אידישער סאציאליסטישער פעדעראציע. זיין שפעטערדיגע טעטיגקייט אין קאטערס לאקאל 10, איז אייגענטליך געווען א רעזולטאט פון זיין סאציאליסטישער טעטיגקייט. אין לאקאל 10 האט זיך דעמאלט אנגעפאנגען א באוועגונג פאר רעפארמען און פאר ענדערונגען אין דער פירערשאפט פון דער ארגאניזאציע. די באוועגונג איז אויסגעוואקסען פון די נייע אנגעקומענע, די „גרינע", סאציאליסטען און היימישע בונדיסטען און עס פארשטעהט זיך, אז דובינסקי האט געהאט א גרויסען חלק אין איהר. און עס איז טאקע אויך געווען לאקאל 10, וואו ער האט געהאט די געלעגענהייט ארויסצואווייזען דא אין אמעריקע זיינע פיאיגקייטען אלס יוניאן פיהרער און צו קריגען די פארדינטע אנערקענונג. ער איז אין 1922 געוועהלט געווארען פאר מענעדזשער פון לאקאל 10.

דובינסקי איז געבענשט געווארען מיט א גראדען, פראקטישען שכל און מיט א גוט אנטוויקעלטען חוש פאר רעאליטעטען און ווירקלאכקייטען, נאר עס טרעפט ביי איהם גאנץ אפט, אז ער פארגעסט, אז א טרעיד יוניאן פיהרער מוז זיין דורכאויס פראקטיש און ער האלט א ווארימע סאציאליסטישע רעדע אין וועלכער עס פעהלען ניט קיין רעוואלוציאנערע ווערטער. אין דעם איז געווים שולדיג זיין בונדיסטישע ערציאונג, וואס ער האט געקראגען אין דער אלטער היים און זיין סאציאליסטישע טעטיגקייט דא אין אמעריקע, אבער דאס האט איהם א סך מיטגעהאלפען אין זיין ערפאלג אלס ארבייטער פיהרער. דער סאציאליזם איז דער הויפט־קוואל פון וועלכען ארבייטער קענען שעפען זייער באגייסטערונג און דער סאציאליזם איז שטענדיג דער וועג־ווייזער אין דעם קאמף פון די ארבייטער פאר א בעסערען לעבען. און דעם בעסטען באוויז האט מען טאקע פון דער אינטערנעשאנעל, וואס כמעט אלע איהרע פיהרער האבען געקראגען א סאציאליסטישע ערציהונג.



משאַרלס קריינדלער



לואידזשי אַנטאַניני



עלייעס רייזבערג

## משאַרלס קריינדלער

געבאָרען דעם 15טען יולי, 1888, אין א קליין חסידיש שטעדטעל אין גאַליציע, ביי ארימע עלטערען. געלערענט אין חדר און געקראָגען א חסידישע ערציאונג. זיך געלערענט שניידעריי און צו 17 יאהר געווארען א מיטגליד פון דער סאציאליסטישער פארטיי, גענומען אן אקטיווען אנטייל אין דעם קאמף פאר אלגעמיינער וואלרעכט אין עסטרייך און אויסגעשטאַנען א סך צרות פון די חסידים אין שטעטעל און פון די רעגירונגס-בעאמטע.

געקומען אין אמעריקע אין 1910 און געקראגען ארבייט אין א ניפענטס שאפ. אין 1912 געווארען א קאטער ביי קלאוקס אין קליוולאנד און געווארען א מיטגליד פון קאטער לאָקאל 42. אין 1912 געוועהלט אין דער עקזעקוטיווע פון לאָקאל און מיטגליד פון דזשאינט באָארד; אין 1916 געוועהלט פאר פינאנס-סעקרעטאר און מענעדזשער און אין 1925 געוועהלט אלס וויים-פרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנעל.

---

## לואידזשי אַנטאַניני

געבאָרען דעם 11טען סעפטעמבער, 1883, אין איטאליע, געלערענט אין פאָלקס-שול און שפעטער שטודירט אין א טעכנישער שול. געקומען אין אמעריקע אין 1908, געארבייט אין א פיאנא פאבריק, שפעטער אין א סיגאר שאפ און אין 1912 געוורען א פרעסער ביי דרעסעס. אין דעם וויסט מאכער סטרייק פון 1913 אריינגעקומען אין דער יוניאן און געווארען א מיטגליד פון לאָקאל 25. סוף 1913 געוועהלט געווארען פאר סעקרעטאר פון איטאליענישען ברענטש און מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאל 25. אין 1914 געווארען מיט-רעדאקטאָר פון דער וועכענטליכער איטאַליענישער צייטונג „ל'אָפעראיא", וואס לאָקאל 25 האָט ארויסגעגעבען. אין 1916 אנגעשטעלט אלס רעדאקטאָר פון דער צייטונג. אין 1919, ווען דער איטאַליענער לאָקאל 89 איז געגרינדעט געווארען, געוועהלט פאר מענעדזשער פון לאָקאל און אין 1925, אויף דער קאָנווענשאָן אין פילאדעלפיע, געוועהלט געווארען וויס-פרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנעל.

געווען זעקס מאָל א דעלעגאט צו די קאָנווענשאָנס פון דער אמעריקען פעדערישאָן אָוו לייבאָר. אנטייל גענומען אין דער סאָציאליסטישער באוועגונג, געווען צוערשט א מיטגליד פון דער סאציאליסטישער פארטיי, שפעטער אריבערגעגאנגען צו די קאָמוניסטען און איצט אן אומפארטייאישער סאָציאליסט.

---

## עלייעס רייזבערג

געבאָרען אין 1892 אין רוסלאנד, אין א קליין שטעטעלע. געלערענט אין חדר און ישיבה, געלערענט אויך רוסיש און אנדערע לימודים, ווי אויך מוזיק. צו 16 יאהר אָנגעפאנגען פארדינען פאר זיך דורך פריוואטע לעהרעריי, אדער געבען „אורא‌קען", ווי דאָס האָט געהייסען. געווען טעטיג אין „בונד".

געקומען אין אמעריקע אין 1906 און זיך אָנגעפאנגען לערנען שניידעריי ביי וויסטס און דרעסעס. געווארען טעטיג אין דער יוניאן אין 1909 אין דער צייט פון גרויסען וויסט מאכער סטרייק. אין 1910 געוועהלט געווארען אין דער עקזעקוטיווע פון לאָקאל 25; אין 1912 געוועהלט געווארען טשערמאן פון דער עקזעקוטיווע; אין 1913 געוועהלט געווארען ביזנעס אייזשענט; אין 1919 געוועהלט געווארען מענעדזשער פון לאָקאל 25 און אין 1922 געוועהלט געווארען וויים-פרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנעל.





יעקב יוסף העלער



ישראל פיינבערג



דזשאָזעף ברעסלאָו

## דזשאָזעף ברעסלאָו

געבוירען דעם 18טען אַפּריל, 1887, אין אדעס, רוס־לאַנד, ביי פאַרמעגליכע באַלעבאַטישע עלטערן. געלערנט אין חדר און אין אַ פאָלקס שול ביז 16 יאָהר. געוואָרען אַן אַרבייטער אין אַ פאַבריק און אַ טעטיגער מיטגליד פון „בונד". געקומען אין אַמעריקע אין אויגוסט, 1907. גע־אַרבייט אין דער ווערסט אין די פּעקינג הייזער און ביי דער אייזענבאַן. אין 1909 געוואָרען אַ פּרעסער ביי קלאָוקס אין ניו יאָרק און אַריינגעקומען אין לאָקאַל 35. אין 1910 געוואָרען אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל. אין דעמזעלבינען יאָהר אויך געוועהלט געוואָרען טשערמאַן פון לאָקאַל. אין 1914 געוועהלט געוואָרען ביזנעס אייגענט; אין 1916 געוועהלט פאַר מענעדזשער פון לאָקאַל 35 און אין 1922 געוועהלט געוואָרען וויים־פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאַנעל.

---

## ישראל פיינבערג

געבאָרען אין יאָהר 1886 אין רוסלאַנד, אין דער שטאָט בערדיטשעוו. פאָטער געוועזען אַ דאַמסקער שניי־דער. געגעבען לערנען אין חדר און אין ישיבה ביז 18 יאָהר. אין 1904 געקומען אין לאָנדאָן, זיך אָנגעפאַנ־גען לערנען שניידעריי, געוואָרען אין אַ קורצער צייט אַרום טעטיג אין דער אידישער טרייד יוניאָן באַוועגונג, וועל־כע איז דעמאָלט געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון אַנאַרכיסטען, און איז אויך געוואָרען טעטיג אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. אַ יאָהר שפּעטער געהאָלפען אין מאַנטשעסטער אָרגאַניזירען אַ יוניאָן פון מאַנטעל־מאַכער. געפירט אַ סטרייק פון בעקער, געהאָלפען זיי בויען אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי, וועלכע איז גלייך אונ־טערגעגאַנגען; פּרובירט אָרגאַניזירען אַ מילינערי יוניאָן און אין ווינטער, 1912, פאַרלאָזען ענגלאַנד און געקומען אין אַמעריקע און באַזעצט זיך אין ניו יאָרק. ווערט באַלד אַ מיטגליד פון לאָקאַל 1 פון דער קלאָוק מאַ־כער יוניאָן און ווערט אויך גלייך טעטיג אין דער יוניאָן. אין 1913 געוועהלט געוואָרען אין דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל און גלייך אויך געוועהלט אלס דעלעגאַט צו דעם קלאָוק מאַכער דזשאָינט באָארד. דורכגעמאַכט אַלע קאָמ־פּען אין און פון לאָקאַל 1. געוועזען טשערמאַן פון דזשאָינט באָארד, געוועהלט געוואָרען אין 1921 מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד און אין 1922 געוועהלט געוואָרען וויים־פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאַנעל. אין די לעצטע יאָה־רען אויך געוועזען טעטיג אין דער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג.

---

## יעקב יוסף העלער

געבאָרען דעם 21טען אויגוסט, 1889, אין רוסלאַנ־ביי אָרימע עלטערן. געלערנט אין תלמוד תורה און שפּע־טער אין ישיבה ביז 17 יאָהר. זיך אויך געלערנט רוסיש און וועלטלאַכע לימודים. געקראָגען צו לייענען סאָציאַ־ליסטישע ליטעראַטור און געוואָרען אַ נאָכפאָלגער פון „בונד". געקומען אין אַמעריקע אין 1906 און אָוועק אַר־בייטען אין אַ ריפער שאָפּ און געוואָרען אַ מיטגלי פון לאָ־קאַל 17. אין 1907 אַנטייל גענומען אין דעם סטרייק פון די ריפער מאַכער. אין 1908 געוועהלט געוואָרען אין דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 17. אין 1913 געוואָרען אַ מיט־גליד פון קלאָוקמאַכער דזשאָינט באָארד און אין 1914 געוועהלט געוואָרען סעקרעטאַר פון דזשאָינט באָארד. שפּע־טער געוועהלט געוואָרען סעקרעטאַר פון לאָקאַל 17. אין 1920 געוועהלט געוואָרען פאַר וויים־פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאַנעל. געווען אַ דעלעגאַט צו דער קאָנווענשאָן פון אַמעריקען פעד. אָוו לייבאָר. זייענדיג סעקרעטער פון לאָקאַל, געלערנט אין אָווענד אין אַ פּרעפּעראַטאָרי סקול, נאָכדעם שטודירט אין ניו יאָרק אוניווערזיטעט און גראַדואירט פאַר פּאַבליק אַקאַונטענט. ווען לאָקאַל 17 איז אין 1925 דורך די אינטערנעשאַנעל פאַראייניגט געוואָרען מיט לאָקאַל 1, אָנגעפאַנגען פּראַקטיצירען אלס פּאַבליק אַקאַונטענט. אין 1929, ווען לאָקאַל 17 איז צוריק אָר־גאַניזירט געוואָרען, געוואָרען מענעדזשער פון לאָקאַל און אויף דער קליוולענדער קאָנווענשאָן פון 1929 ווידער גע־וועהלט געוואָרען וויים־פּרעזידענט פון אינטערנעשאַנעל.


גדליה רובין


ניקאלאס קוירצמאן


באסיליא דעסטי

## גדליה רובין

געבארען דעם 18טען מארטש, 1889, אין מאהילעוו, רולאנד, ביי ארימע עלטערען. פאטער איז געווען א סטאליאר. געלערענט אין תלמוד תורה ביז דעם עלטער פון 12 יאהר און נאכדעם זיך אנגעפאנגען לערנען סטאלעריי און געארבייט דערביי פינף יאהר. געווארען א מיטגליד פון „בונד” און אין 1905 געווארען ארעסטירט פאר פאליטישער טעטיגקייט.

געקומען אין אמעריקע אין 1906. די ערשטע צייט געארבעט ביי סטאלעריי. אין 1909 געווארען א פרעסער ביי קלאוקס אין פילאדעלפיע און געווארען א מיטגליד פון דער יוניאן.

אין 1910 געוועהלט געווארען אין דער עקזעקוטיווע פון לאקאל. געווען טעטיג אין דער אנארכיסטישער באוועגונג. אין 1916 געוועהלט געווארען טשערמאן פון פילאדעלפיער דזשאינט באארד. אין 1925 געוועהלט געווארען פאר ביזנעס אייגזשענט, אין 1926 פאר מענעדזשער, און אין 1932 אויף דער קאנווענשאן אין פילאדעלפיע, געוועהלט געווארען וויים־פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל.

## ניקאלאס קוירצמאן

געבוירען אין יאהר 1896 אין אדעס, רוסלאנד, ביי ארימע עלטערען. פאטער געווען א שניידער. געלערענט ביז 13 יאהר אין פאלקס שול און נאכדעם זיך אנגעפאנגען לערנען שניידעריי און געווארען א דאמסקער שניידער. ביי די עלטערען אין הויז פלעגען אפט קומען רעוואלוציאנערע ארבייטער און מען פלעגט שטענדיג דיסקוטירען פארשידענע פראגען פון רעוואלוציאנערען כאראקטער. ווען נאך גאנץ יונג באקאנט געווארען מיט דער טעטיגקייט פון די אנארכיסטען און צוגעשטאנען צו אן אנארכיסטישער גרופע. אין אמעריקע געקומען אין 1913, זיך אנגעשלאסען אן דעם פאראיין פון דער רוסישער אנארכיסטישער ארבייטער ארגאניזאציע. שפעטער געווארען א מיטגליד פון דער אנארכיסטישער פעדעראציע אין אמעריקע. געווארען טעטיג אין לאקאל 9 אין 1919 און פארנומען פארשידענע אמטען. אין 1921 געוועהלט געווארען פאר ביזנעס אײדזשענט. שפעטער געוועהלט געווארען פאר מענעדזשער פון לאקאל 9 און אין 1932 אויף דעם קאנווענשאן אין פילאדעלפיע, געוועהלט געווארען פאר וויים־פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל.

## באסיליא דעסטי

געבארען געווארען דעם 4טען יאנואר, 1879, אין מעסיני, איטאליע. פאטער איז געווען אן אינזשעניר און אן אייגענטימער פון א גרויסער פארם. געלערענט אין גימנאזיע און נאכדעם געווען אן אויפזעהער ביים פאטער אויפ'ן פארם.

געקומען אין אמעריקע אין זומער, 1906. זיך אויסגעלערענט פאר א פרעסער ביי קלאוקס און געווארען א מיטגליד פון לאקאל 35. ווען עס איז געגרינדעט געווארען דער איטאליענישער לאקאל 48, געווארען דער טשערמאן פון לאקאל. אין 1919 געוועהלט געווארען פאר ביזנעס אײדזשענט; אין 1926 געוועהלט געווארען פון דזשאינט באארד פאר מענעדזשער פון דאון טאון דיסטריקט; אין 1932 אויף דער קאנווענשאן אין פילאדעלפיע געוועהלט פאר וויים פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל.





מאָרים ביאַלים



פיליפּ קרעמער



לואיס ליוויי

## מאָרים ביאַלים

געבאָרן דעם 14טען יאַנואַר, 1897, אין טיקטין, פּויליען. פאָטער א קלאוק מאכער (אין דער אלטער היים א דאַמסקער שניידער. זיך געלערענט אין חדר, אין בית מדרש, און אין שקאָלע (פאָלקס שול). אין 1910 געקומען צום פאָטער אין אמעריקע. געגאַנגען מיט׳ן פאָטער אין דעם גרויסען קלאוק מאַכער סטרייק אויף דער פּיקעט ליין און געכאַפּט די ערשטע פּראקטישע לעקציע וועגען טרעיד יוניאניזם. אין עטליכע וואכען ארום אוועקגעפארען מיט׳ן פאָטער אין שיקאגא. געגאַנגען דארטען א יאהר אין פּאַבליק סקול און נאכדעם, אין 1911, אָנגעקומען אלס לערנער ביי א קלאוקס-אָפּערייטאָר. אין 1919 געוואָרען א מיטגליד פון לאָקאל 5, אין דעמזעלביגען לאָקאל, וואו דער פאָטער איז א מיטגליד. געווען פארבונדען מיט דער סאָציאליסטישער באוועגונג. אין 1920 געוועהלט אין דער עקזעקוטיווע פון לאָקאל. אין דעמזעלביגען יאהר געוועהלט פאר סעקרעטאר פון לאקאל. אין 1922 געוועהלט פאר ביזנעס אייִדזשענט. אין 1923 געוועהלט פאר מענעדזשער פון לאָקאל און אין 1928 אויף דער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן געוועהלט געוואָרען וויים-פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנעל.

---

## פיליפּ קרעמער

געבאָרן דעם 28טען יאַנואַר, 1897, אין זוויל, רוסלאנד, וואָהלינער גובערניע. געקומען אין אמעריקע אין זומער, 1905. פאָטער געווען א שניידער און איז מיט א פּאָר יאהר פריהער געקומען אין אמעריקע. זיך באזעצט אין באָסטאָן. געגאַנגען דארטען אין פאלקס-שול און אין איוונינג האַי-סקול. אין 1918 זיך אָנגעפאַנגען לערנען. זיך געלערענט פאר א קלאוקס קאַטער. אין 1920 געוואָרען א מיטגליד פון קאַטערס לאָקאל 49. געוועהלט געוואָרען מיטגליד פון עקזעקוטיווע, אין א פּאָר יאהר ארום געוועהלט אלס ביזנעס אייִדזשענט און שפּעטער אלס מענעדזשער פון דזשאָינט באָארד אין באָסטאָן. אין 1928 אויף דער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן, געוועהלט געוואָרען פאר וויים-פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנעל.

---

## לואיס ליוויי

געבאָרען אין 1892 אין רוסלאנד, אין א קליין שטעטעל פון קיעווער גובערניע. זיך געהאָדעוועט פון דריי יאָהר אָן ביי א שטיף-מוטער. געגאַנגען אין חדר ביז 10 יאָהר און דערנאָך אָפּגעגעבען געוואָרען אויף דריי יאהר צו א שניידער זיך צו לערנען שניידעריי.

נאָך צוויי יאהר לעהרע אַנטלאָפען פון באלעבאָס אין א גרעסערער שטאָט. זיך דאָרטען באקענט מיט אנדערע יונגע שניידער און דורך זיי אין 1904 אריינגעצויגען געוואָרען אין א קרוזשאָק (קרייזעל) פון יונגען „בונד”. אביסעל שפּעטער אריבערגעגאנגען צו די סאָציאליסטען רעוואָלוציאָנערען און אין יאָהר 1906 אריינגעטראָטען אין אן אנארכיסטישע גרופּע.

אין 1907 געקומען אין אמעריקע דורך פילאדעלפיע. געוואָרען טעטיג אין דער ראדיקאל לייברערי. געוואָרען א מיטגליד אין דער יוניאן און געטאָן ארגאניזאציאנס-ארבייט פאר דער יוניאן. אין 1912 געקומען אין ניו יארק. געוואָרען א מיטגליד פון לאָקאל 1. אין 1916 געוויילט געוואָרען אין דער עקזעקוטיווע פון לאָקאל. אין 1922 געוועהלט געוואָרען טשערמאן פון לאָקאל 1. געווען שאָפּ-טשערמאַן א לענגערע צייט. אין 1923 געוועהלט געוואָרען מענעדזשער פון לאָקאל 1. דורכגעמאכט אלע קאמפּען אין און פון לאָקאל 1. אין יאָהר 1920 ווידער אמאָל געוועהלט געוואָרען מענעדזשער פון לאָקאל און אין 1932 אויף דער קאָנווענשאָן אין פילאדעלפיע געוועהלט געוואָרען וויים-פּרעזידענט.

# קאנווענשאן פראגען

פון מ. י. אשביז

דאס וואס די גרעסטע פאנטאזיע האט זיך גאר ניט געקענט פארשטעלען איז יעצט א ווירקליכקייט ווען אימיצער זאל געוועהן זאגען מיט אנדערהאלבען יאהר צוריק, אז אונזער אינטערנעשאנאל וועט קומען צו דער 22טער קאנווענשאן אין 1934 מיט א מיטגלידערשאפט פון ארום צוויי הונדערט טויזענט; אז מיר וועלען האבען דורכגעפיהרט א 35־שטונדיגע ארבייטס־וואך פון 5 טעג; אז מיר וועלען איינפירען „לימיטיישאן", אפשאפען אווערטיים און נאך א רייע וויכטיגע געווינסען, — וואלט איך איהם דאמאלסט באטראכט פאר משוגע. יא, דער מענשליכער שכל קען זיך גאר ניט משער זיין, וואס די צייט קען ברענגען.

עס איז קוים נויטיג צו ווידערהאלען, אז די וויכטיגסטע אורזאכע פון אונזער קאלאסאלען ערפאלג, איז דער פאקט, וואס מיר זיינען געבענשט צו האבען א ווירקליך פעהיגע פירערשאפט. עס איז שווער פארצושטעלען זיך, אז עס איז גאר מעגליך א מעהר ערנסטע, ענערגישערע, איבערגעבענע באציהונג פון פיהרער צו אן ארגאניזאציע, ווי אונזער פרעזידענט ד. דובינסקי האט אזוי שטארק און בולט, ווידער און ווידער ארויסגעציינט. ניט ווייניג האבען בייגעשטייערט צו אונזער גרויסען זיג אלע אנדערע גרעסערע און קלענערע באאמטע.

אחוץ דער גרויסער שמחה, וועלכע וועט אהן ספק געהעריג דעמאנסטרירט ווערען ביי דער קומענדער יובילאום קאנווענשאן, האט דיזער אומפארגלייכבארער זיג אין דער היסטאריע פון דער יוניאן־באוועגונג, אויף אונז ארויפגעלעגט א זעהר גרויסע אחריות. 200,000 מיטגלידער, אויב מען זאל זיי רעכענען לויט פאמיליעס, מיינט ארום א מיליאן נפשות, וועמעס שיקזאל עס איז פארבונדען מיט אונזער אינטערנעשאנאל, וועלען מיט גרויס אויפמערקזאמקייט נאכפאלגען אלצדינג וואס די קומענדע קאנווענשאן וועט טאן און באשליסען. די געשיכטע האט געוואלט, אז מיר זאלען אויסוואקסען אין א גרויסער מאכט און עס איז אצינד אונזער אלעמענס אויפגאבע דיזע מאכט, און אלע געווינסען וואס מיר האבען באקומען אלס רעזולטאט דערפון, אויפהאלטען און פארפעסטיגען געגען יעדער מעגליכער אטאקע וואס אונזער אלגעמיינער שונא פלאנעוועט פאר דער צוקונפט. קיינער פון אונז טאר אפילו אויף קיין איינציגען מאמענט ניט פארגעסען, אז אונזער ארגאניזאציע, אין איהר איצטיגען גרויס, איז נאך יונג און ניט איינגעווארצעלט; אז אונז קען נאך אויסקומען אין דער צוקונפט דורכצומאכען ניט איין שטורם — ווייל עס איז דאך אוממעגליך אז די זון זאל שיינען כסדר אהן אויפהער.

כדי דאס אלעס מעגליך צו מאכען, מוז יעדערער פון אונז, אהן אויסנאמע, ענדליך אויפהערען דענקען אין די שמאלע, ענגהערציגע, לאקאלע טערמינען. מיר מוזען האבען אין זינען, אז מיר זיינען פריהער פון אלעם מיטגלידער פון אונזער גרויסער אינטערנעשאנאל; אז כדי יעדער לאקאל זאל זיין גרויס און מעכטיג, מוז צוערשט די אינטערנעשאנאל, אלס אזעלכע, זיין גרויס און מעכטיג.

מעג דעריבער דער אדער יענער פונקט ביי דער קאנווענשאן זיין פון גרעסערער אדער קלענערער וויכטיגקייט פאר א געוויסען לאקאל, מוזען אבער אלע דעלעגאטען, אין דער זעלבער צייט, כסדר האבען אין זינען איידער זיי שטימען פאר א געדאנק אדער פלאן, אז יעדער פארשלאג דארף גלייכצייטיג זיין נוצליך פאר דער יוניאן אלס גאנצער. קיין יחיד טאר קיינמאל ניט שטעלען זיין לאקאל העכער פון כלל.

עס זיינען געוועזען צייטען, ווען מיר זיינען געוועזען אזוי ארים, אז מיר האבען זיך געקענט דערלויבען א גרויסע מאס הפקרות. אן ארימאן לעגט זיך שלאפען לאזענדיג די טיר אפען. ווער עס וויל, מעג זיין דלות ביי איהם צו׳גנב׳ענען... א ביזנעסמאן מוז שוין האבען א קאסע, צו פארשליסען די לייזונג פון טאג; א באנק מוז שוין, אחוץ א קאסע, אויך האבען שטענדיגע שומרים, צו היטען איהר גרויסען פארמעגען. אין פארגלייך מיט די ארבייטס־באדינגונגען, וואס מיר האבען געוואונען אין דעם 1910 פראטאקאל, איז אצינד אונזער יוניאן געוואלדיג רייך. אונזערע טירען קענען דעריבער ניט זיין אפען און הפקר׳דיג. מיר מוזען היטען אונזער יוניאנ׳ס גרויסע עשרות, וואס באלאנגט צו די מיטגלידער, פון וועלכע מיר זיינען אנפארטרויט געווארען צו זיין די שומרים. די קאנווענשאן מוז דעריבער זעהן, עס זאל איינגעשטעלט ווערען מעהר דיסציפלין און פאלשטענדיגע אחדות און טאר בשום אופן ניט זיין צו געדולדיג צו די, וואס קומען צו אונז מיט אומריינע כונות פון ברעכען און שטערען.

די קאנווענשאן דארף אויך אננעמען באשליסע און אויסארבייטען פלענער צו פארשטארקען די אויטאריטעט פון די צענטראלע קערפערשאפטען. אונזער אינטערנעשאנאל איז געוועזען די ערשטע, וואס האט געפונען דעם „לינק", דעם רינגעלע, וואס האט צוזאמענגעבונדען דעם לאקאל — וואס שטעלט מיט זיך פאר דעם קראפט־יוניאניזם — מיט דעם דזשאינט באארד, וואס איז דער פראקטישער אויסדרוק פון דעם אינדוסטריעלען יוניאניזם. די לאקאלס האבען געוויסע אויטאנאמיע, זיי מוזען אבער אין אלע קעמפע און האנדלונגען ארויסטרעטען צוזאמען, פאראייניגט, דורך זייער דזשאינט באארד.

די קאנסטיטושאן האט אבער ניט געגעבען די דזשאינט באארדס גענוג אויטאריטעט, וויפיל עס איז נויטיג פאר דער דורכפיהרונג פון זייער גרויסער, פאראנטווארטליכער אויפגאבע. ביז יעצט איז עס ניט געוועזען אזוי דרינגענד. די אינטערנעשאנאל האט אויפגעפאסט און געטאן אלצדינג וואס איז געוועזען נויטיג אין דעם אדער יענעם מאמענט. צוליב אונזער אינטערנעשאנאל׳ס יעצטיגער ריזיגער גרויס, וואלט געוועזען צו פיל צו פארלאנגען, אז די גענעראל עקזעקוטיוו באארד, אדער דער פרעזידענט, זאל זיך דארפען אפגעבען מיט פארשיידענע איינצעלהייטען, ווי ביז יעצט. וויכטיגערע אויפגאבען פאדערען אצינד זיין און זייער אויפמערקזאמקייט. עטוואס מוז דעריבער געטאן ווערען צו געבען די דזשאינט באארדס אלע נויטיגע אויטאריטעט, צו קענען האנדלען אין פראגען פון זייערע לאקאלע שטרייטיגקייטען, אדער וואו נויטיג, דורכצופיהרען די נויטיגע דיסציפלין; און די אינטערנעשאנאל זאל גערופען ווערען אין אויסנאמס־פעלע, ווען איהר הילף און אריינמישונג איז העכסט דרינגענד.

עס וואלט אויך ניט געשאדט ווען מיר זאלען אנפאנגען טראכטען צוריק פון עטאבלירען אונזערע ארגאנען וועכענטליך. מאנאטליכע צייטונגען זיינען ווייט, ווייט ניט גענוגענד צו דערפילען זייער אויפגאבע ווי עס פאדערט זיך אין אזא קאלאסאלער ארגאניזאציע. מיר מוזען מעהר און א סך אפטער רייעדן צו אונזערע מיטגלידער, הויפטזעכליך די גרויסע צאהל נייאריינגעקומענע, זיי אגיטירען און לערנען וואס עס מיינט יוניאניזם און ווי אזוי אונזער אינטערנעשאנאל גיט אויסדרוק צו דיזען געדאנק. אונזער מיטגלידערשאפט דארף האבען א גרעסערע מעגליכקייט, גרינדליכער צו באקענען זיך מיט זייער ארגאניזאציע, איהר היסטאריע, קעמפע און צילען. דאן וועלען זיי אונזער יוניאן שטארקער און הארציגער ליבען און זיי וועלען דאן אלע מאל זיין בארייט פאר איהר זיך מוסר נפש צו זיין. אן ארגאניזאציע, מעג זי זיין די בעסטע, אויב די מיטגלידער קענען איהר ניט, און ווייסען ווייניג וועגען איהר גרויסער באדייטונג, קענען זיי דער ארגאנאזאציע ניט ליב האבען.

די וויכטיגסטע פראגע אבער, לויט מיין מיינונג, וואס די קאנווענשאן דארף באשטימען, איז: אנפאנגען א

# דעם סטאָליארס טאָכטער

פון מלך ראַוויטש.

(כמעט א פאָלקסליד)

ר'האָט א היים געהאַט מיט א סטאָליאר־ווארשטאַט,
און א קעלער־שטוב מיט פרימאָרגען־זון,
ס'איז געווען אמאָל, ווען דאָס גרויסע בלאַט
פון דער וועלט האָט זיך פלוצלונג א קער געטאָן.

ר'האָט א ווייב געהאַט, פונקט לויט זיין שטאַנד,
און האָט א טאָכטער פון דריטהאלבען יאָר,
האָט ער איר אויף שבת געקויפט א באַנד
פון בלויעס־סאַמעט צו גאָלדענע האָר.

און אז דאָס נייע געשיכטע־בלאַט
האָט זיך געשריבען מיט מענשען־בלוט,
האָט ער דאָרט אויך זיין חלק געהאַט:
א רעכטע האַנט — זיין איינציק גוט.

שרייבען האָט ער קיינמאָל נישט געקענט,
מיט דער לינקער האַנט אודאי נישט,
האָט א בריוו ער געשריבען מיט פרעמדע הענט,
דאָס ווייב געגריסט און דאָס קינד געקושט.

אָבער דער בריוו איז געקומען צוריק אין שפיטאָל,
פון ווארשע קיין קיעוו צוריק.
ווייל א בלאַט פון דער וועלט האָט זיך נאָך אמאָל
געווענדעט אין גרויסען קריג.

און דאָס גרויסע ראָד פון דער גרויסער וועלט
האָט זיך אלע מאָל גיכער געדרייט.
טראַכט ער: — וואָלט א קאַליקע דאָרט זיי געפעלט,
איז מיר אלץ איינס — בין איך גרייט —

זיינען שפעטער געגאַנגען מיליאָנען בריוו
פון קיעוו קיין ווארשע שוין,
נאָר אונזער סטאָליאר האָט זיך פון בריוו
שרייבען געגנצלאך אָפגעוואוינט.

ביז ער האָט איינמאָל, אין ניינצען־הונדערט דרייסיגסטען יאָר,
באַקוקט דאָס פאַרגעלטע בילד דער פרוי'ס —
און דערמאָנט זיך, אז ער האָט שוין גרויע האָר,
און זיין טאָכטער מוז דאָרט שוין זיין שיין און גרויס.

ווי ער שטייט און ער גייט לויפט ארויס ער אין גאַס,
גלייך ס'וואָלט אים געטראָפען דאָס גרויסע גליק,
און אויסגעשטרעקט האָט ער זיין האַנט, זיין פאַס,
און געגאַנגען קיין ווארשע צוריק.

דורך דערפער און שטעטלאך און גרויסע שטעט,
מיט דער לינקער האַנט קענען קאַלטען ווינט,
ער געסטיגט נישט, עסט ניט און טרינקט ניט, עס גייט
דער סטאָליאר צו זיין טאָכטער, זיין קינד.

און ווי ער קומט ביינאַכט קיין ווארשע אָן,
וויל ער גלייך אין זיין היים, אין זיין קעלער אראָפ,
— וואָס איז דאָס? עס וואַרפט אים א צאָן אָן א צאָן,
און עס דרייט זיך ווי א מיל דער קאָפ.

זאָל דאָס מעגליך זיין, זאָל דאָס אמת זיין?
וואָס וויל דאָ די מויער, דריי שטאָק אין דער הויך?
און ער איז זיך פאַרגאַנגען אין א געוויין —
ווי א וואָלף מיט דעם קאָפ אין דער הויך —

און ווי ער שטייט אזוי מיט דעם קאָפ ארויף,
און ער דרייט זיך אום דיל ווי א מיל,
זעט ער הארבסטיגע שטערן אין אייביקען לויף,
און די לבנה זיך גליטשען שטיל.

די ווייזערס פון טורעם־זייגערס, די צוויי,
שטייען גלייך ווי פארמאַכטע שערן —

האָט פון טויער א שאָטען א שפרונג געטאָן,
א מיידעל צו אים מיט א פאַרביקער שאַל:
— שעמט אייך נישט יונגערמאַן, וואָס האָט איר דערפון,
עס מאַכט זיך אמאָל אזא פאַל — —

— איי, לאָזט מיך אָפ, כ'האָב דעם קאָפ נישט דערצו,
כ'בין א קאַליקע, אָן א האַנד,
כ'האָב ווייב און קינד געהאַט אָט אָדאָ,
כ'קום פון זייער א ווייטען לאַנד.

— און איך האָב א מאַמען געהאַט אָט אָדאָ,
באַקט זי איצט בייגעל אין דר'ערד,
און דער טאַטע איז אוועק אין א וויסטער שעה
און מ'האָט מער פון אים נישט געהערט.

— ווי לאַנג שוין ליגט דיין מאַמע אין דר'ערד?
און ווי לאַנג איז דער טאַטע אוועק?
— ווען דער דייטש האָט פאַניען דעם קריג דערקלערט.
נו קומט שוין, יונגערמאַן, זעה נאָר זיין שרעק — —

— און וואָס איז געוועזען דיין טאַטע דען?
און די מאַמע געדענקסטו נאָך, געדענקסט?
און דו האָסט דיין טאַטען קיינמאָל נישט געזען?
צו דעם טאַטען קיינמאָל נישט געבענקט?

— דער טאַטע האָט קאַסטענעס געמאַכט,
איצט ליגט ער מסתמא אין א קאַסטען אליין,
אז מ'האָט די מאַמען געגראָבען האָב איך געלאַכט,
וואָס קען א דריי־יעריגס פאַרשטיין?,

— און אז דו ווייסט, אז דיין טאַטע איז א סטאָליאר געווען,
נאָר דו האָסט אים קיינמאָל נישט געזען,
זאָג־זשע מיר גיכער דיין מאַמעס נאָמען—העכער—הויך!
און דיין אייגענעם נאָמען אויך!

— יונגערמאַן, צאַפלט נישט, און די האַנט לאָזט אָפ!
איר גייט, אָדער נישט? און זייט זיך געזונט!
צוערשט שטייט ער דאָ מיט דעם קאָפ ווי א הונט,
און איצט דרייט ער מיר דעם קאָפ! —

— כ'באַשווער דיך אויף דיינע יונגע יאָר!!
נאַ, נאַ א זילבער־קערבעל, ס'איינציקע, וואָס כ'האָב,
און זאָג מיר דיין אייגענעם נאָמען נאָר,
זאָג מיר, קינד מיינס — זאָג מיר נישט אָפ!

— א זילבערנער קערבעל? א פיין מעדאַליאָן,
כ'וועל אויפ'ן האַלז מיר אים שבת אָנטאָן —
שיינדעלע האָב איך געהייסען אלס קינד
און זשעניע היים איך אַצינד.

— שיינדעלע, טאָכטער, מיין קינד, מיין גרוים!
ווייי איז מיר, ווייי איז מיר, אוי!

און ער איז לענגאויס די גאַס אוועק,
די איינציקע האַנט צום הימעל געשטרעקט,
און פאַר אים איז געלאָפען דער הארבסטיקער ווינט,
ווי א סטאַרע הינט,
און דעם סטאָליארס נשמה האָט מיט א וואַי
זיך ארויסגעריסען פון אים,
און האָט זיך געטליקעט צווישען די שוואַרצע
ווענט און פענסטער און טויער און טירען,
ביז זי איז אראָפגעפאַלען אויף דער גאַס
און באַגראָבען געוואָרען אין שטויב און אין אלטע
צייטונגס־פאַפירען.

זיינען געבען אים אונטען פיל מענשען פארביי
און אויבען נישט ווייניקער שטערן.

זוכן איצט די ביכער און די רעקארדס פון פירמעס וועמעס רעקארדס זיינען פריהער קיינמאל ניט אונטערזוכט געווארען, און צום ערשטען מאל אין זייער לעבען זיינען זיי געצוואונגען צו צאלען אנשטענדיגע וויידזשעס צו ארבייטער, וועלכע האבען פריהער דורך די ביליגע ארבייט אראפגעניעדערט דעם לעבענס סטענדארד, וועלכער מוז פון אן אנשטענדיגער אינדוסטרי אפגעהיט ווערען צוליב זעלבסט-רעספעקט און צוליב דעם רעכט פון די ארבייטער.

מיר פארווייגערען צו געבען דעם לייבעל צו פירמעס וואס האלטען זיך ניט ביים געזעץ. מיר מאנען איין טויזענטער דאלער „בעק פעי" פאר וויידזשעס. דאס איז א שווערע ארבייט. עס איז א וויכטיגע ארבייט. איך וואלט באגאנגען אן עולה ווען איך וואלט ניט דערמאנט די גרויסע אנשטרענגונג פון מר. פ. נייטען וואלף, דעם סעקרעטאר פון דער קאוד אוטאריטי, וועלכער איז אין א גרויסער מאס פאראנטווארטליך פאר דער ארגאניזירונג פון אט דער ארבייט און פאר'ן ערפאלג פון איהר פונקציאנירונג. מיר האבען איצט די פולע קאאפעראציע פון די גרויסע טשיין סטאר ארגאניזאציעס און פון די גרויסע און קליינע ריטיילערס, וואס זאגען זיך אפ אריינצונעמען אין זייערע סטארס סחורות אהן דעם לייבעל פון דער קאוט און סוט אינדוסטריע. מיר אונטערשטיצען אויך אלע אופנים יעדען אנשטענדיגען און ערליכען ביזנעס מאן, וואס האט געליטען פון אט דער האלדז-שניידענדער קאנקורענץ אין די לעצטע יאהרען.

מיר באקומען גענוג קאמפליינטס קעגען קאוד פון פירמען וועמען עס געפעלט ניט דער דאזיגער קאנטראל און וועלכע בענקען נאך די אלטע צייטען. עס איז מיין האפנונג, דאס מיר וועלען זיך קיינמאל מער ניט אומקערען צו יענע צייטען. אין אט דעם שווערען קאמף שפילט אייער יוניאן א גרויסע, ווירקזאמע און אנזעבארע ראלע. קיין שום אנדערע יוניאן אין אמעריקע האט מער גרונד ווי איר צו זיין שטאלץ אויף איהרע בעאמטע. זיי זיינען אויפריכטיג, אינטעליגענט, פאראינטערעסירט אין דער אינדוסטרי און אימשטאנד צו פארשטעהן איהרע פראבלעמען. זיי זיינען ענערגיש, פארשטענדיג און אנטשלאסען אנצוהאלטען די ערווארבענע רעכט פון די ארבייטער. עס איז פאר מיר געווען א גרויסער פארגעניגען צו זיין מיט זיי פארבונדען אין דער אנטוויקלונג פון אט דער גרויסער אינדוסטריע, וועמעס ערפאלגרייכע צוקונפט איז אפהענגיג פון דעם קאנטראל איבער יענע כחות, וואס זוכען צו עקספלואטירען די ארבייטער, צו שאפען אומאנשטענדיגע און אוממענשליכע קאנקורענץ-באדינגונגען, וואס ווילען דאס בלוט פון די ארבייטער פארקויפען אין ביליגע בייסמענטס צו דעם אומענדליכען אומרעכט פון די ארבייטער ווי אויך צו אלע אנדערע אנשטענדיגע צדדים אין דער אינדוסטריע פאר וועמען אן עהרליכער לעבענס סטענדארד האט א געוויסע באדייטונג. אבער צו טאן איז נאך פאראן גענוג. מיר האבען אלע מאל אהן א שיער זארגען. פונדעסטוועגען האבען מיר אין פארגלייך מיט דער פארגאנגענהייט געמאכט גרויסען פארטשריט. אבער עס בלייבט נאך איבער גענוג צו טאן. ווארים עס געפינען זיך נאך איצט אויך גענוג טשיזלערס. עס איז אבער מיין האפנונג, אז ווען מיר וועלען האבען די דאזיגע טשיזלערס אין אונזערע הענט וועט אונזער אינדוסטריע אימשטאנד זיין אלס א זעלבסט-רעגירענדע ארגאניזאציע צו נעמען ווירקזאמע שריט פאר דער אויסברייטונג פון די סעזאנס. די איצטיגע סעזאנס זיינען נאך אלע צו קורץ. די ריטיילערס מוזען באקומען א לעסאן צו וויסען אז עס וועט ניט דערלויבט ווערן צו ארבייטען אווערטיים ווערענד דעם ביזי סעזאן. לעצטען סעזאן האט די קאוד אויטאריטי איינשטימיג פארבאטען צו לאזען ארבייטען אווערטיים. די ריטיילערס מוזען זייערע ארדערס מאכען באצייטענס. זיי קענען ניט ערווארטען אז זייערע באשטעלונגען זאלען געמאכט ווערען דורך נאכט ארבייט.

**די יוניאן האט געספענט טויזענטער דאלער צו איינפארסען דעם געזעץ געגען נאכט-ארבייט. די קאוד-אוטאריטי האט איר געהאלפען אין דיזער אויפגאבע. ס'האט געהערשט**

א גרויסער מיש מאש ווי אזוי דער פעי ראל זאל אויסגעמאכט ווערן, באזונדערס דורך דעם מעטאד פון שטיק ארבייט. מען ארבייט אבער דערויף אז פעלערען זאלען אפגעשאפט ווערען און דער פעי ראל רעקארד וועט מיט דער צייט אונז געבען וויכטיגע אינפארמאציע ווענגען די באדינגונגען ניט נאר אין איינצעלנע נאר אין אלע שעפער.

דער סיסטעם פון שטיק-ארבייט און דאס פיקסען די פרייזען איז א נייע זאך. עס בלייבט נאך א סך איבעריג צו טאן כדי צו פארבעסערען דעם מעטאד פון פיקסען די פרייזען. עס איז איינע פון די וויכטיגסטע פראבלעמען, וואס שטעהט איצט בעפאר דער אינדוסטריע. עס איז א שווערער ענין און פארלאנגט א הויכע פארם פון קאנסטרוקטיווער פעהיגקייט מצד די ארבייטער און די באלעבאטים. דאס ארבייטס-ביורא, וואס איז היריאהר געגרינדעט געווארען, האט בלויז געמאכט אן אנפאנג אבער א זעהר ווערטפולען אין דער ריכטונג צו לייזען דעם דאזיגען פראבלעם.

עס בלייבען נאך איבעריג פילע אנדערע זאכען, וואס וועלען מוזען ערלעדיגט ווערען. אונטער דעם איצטיגען נאציאנאלען געזעץ האט די ערפאלגרייכע אינדוסטריע א געלעגענהייט צו ווערען א זעלבסט-רעגירענדע ארגאניזאציע און וועט קענען דורכפיהרען א לעבענס-מצב, וואס וועט פון דער אינדוסטריע אנערקענט ווערען.

צום סוף וויל איך נאך בלויז דערמאנען, אז איך האב דעם פולען פארטרויען, דאס אונטער דעם קאוד וועט די קלאוק און סוט אינדוסטריע דורך איהר יאהרען-לאנגער ערפארונג אלס ארגאניזירטע אינדוסטריע ברענגען דערצו, אז דער קאוד וועט ווערען א ברכה פאר אלע צדדים — פאר ארבייטער, מאנופעקטשורערס, האלסיילערס און קאנטראקטארס, פאר וועמען די אינדוסטריע איז א טייל פון זייער לעבען און וואס זיינען ווילינג אויפצוהאלטען די אנשטענדיגע באדינגונגען געגען דעם קאנקורענץ-קאמף, אזוי ווי דער קאוד שרייבט עס פאר און וואס די דאזיגע אינדוסטריע האט זעהר נויטיג.

## אנערקענונגס-רעזאלוציע

מיר, די ארבייטער פון ראזענבערג און רובין, 253 וועסט 26טע סטריט, געפינען פאר נויטיג איבערצוגעבען פאלגענדע פאסירונג:

דער ביזנעס-איידזשענט האלענדער האט באזוכט אונזער שאפ און האט געפונען, דאס א שווארצע מיידעל מיט'ן נאמען דזשון סירא האט געארבייט אלס עקזאמינער און האט ניט געקראגען דעם מינימום וויידזש. ווען ברודער האלענדער האט געפאדערט ביים באלעבאס פאר דער שווארצער שוועסטער דעם מינימום-סקייל, האט זיך דער באלעבאס ענטזאגט. ברודער האלענדער האט איינגעזעהן די נויטווענדיגקייט צו פארמיידען דיסקרימינאציעס געגען שווארצע ארבייטער און האט ביי דער אויבען-דערמאנטער פירמע געאָרדערט א סטאפעדזש. נאך איין טאג סטרייקען איז דער באלעבאס געווען געצוואונגען דורך דער טאקטישער האנדלונג פון ברודער האלענדער נאכצוגעבען די רעגעלע וויידזש-סקייל — 21 דאלאר, — וואס מיינט א העכערונג פון 5 דאלאר א וואך.

דאס באווייזט נאך א מאל ווי פאלש עס זיינען די סטייטמענטס פון געוויסע עלעמענטען, אז עס עקזיסטירט אין אונזער יוניאן ראסען-דיסקרימינאציע.

מיר ערקלערען זיך סאלידאריש מיט דער פראגרעסיווער אדמיניסטראציע פאר אויסוועהלען אזעלכע פעהיגע ביזנעס-אגענטען ווי ברודער האלענדער, און מיר פארפליכטען זיך צו געבען אונזער פולע קאאפעראציע צו דער יעצטיגער פראגרעסיווער אדמיניסטראציע.

ליליען בלאנס — שאפ-טשערמאן
ב. פליסלער
הערמאן פאפקין
דזשין סיערא
חיים פרייזלער.

# אויפ'ן וועג צו זעלבסטפארוואלטונג אין דער קלאוק אינדוסטרי

**פון דזשארדזש ה. אלדזשיר.**

(אומפארטייאישער פארזיצער פון דער ניו יארקער קאוט און סוט אינדוסטריע)

איך גראטוליר דער אינטערנעשאנעל לידיס גארמענט וואירקערס יוניאן צו איר פינף און דרייסיג יאהריגען יובילעאום. אייער יובילעאום פאלט אויס אין א יאהר פון גרויסע פארשפרעכונגען. די 35 יאהר זיינען געווען עדות ווי אייער גרויסע ארגאניזאציע איז פון א נישטיגען אנפאנג — פון א בלויזער גרופע מענשען וואס האבען זיך פאראייניגט אין צייט פון סטרייק און זיינען זיך צעפאלען אזוי שנעל ווי עס איז געווארען פרידען אין דער אינדוסטריע — צו א גרוסער, גוט-ארגאניזירטער און פיין פארוואלטעטער ארגאניזאציע מיט אן אינטעליגענטער און אומגעהייער פעהיגער אינדוסטריעלער פירערשאפט. איהר וואוקס איז במעט אומפארמיידלאך. די ענדערונגען וואס זיינען פארגעקומען אין דער קורצער צייט, זינט איך בין פארבונדען מיט דער אינדוסטריע זיינען שוין אליין זייער באצייכענס-ווערטס.

דער נאציאנאלער דערהאלונגס פראגראם איז געווען פון גרויס וויכטיגקייט און ווערט פאר דער נאציאנאלער אינדוסטרי, פאר ארבייטער אזוי גוט ווי פאר עהרליכע באלעבאטים. לאמיר האפען דאס מיר וועלען זיין בכח דורך א קלוגער אקציע און אנשטענדיגער איינזיכט מיט די אינדוסטריעלע אומשטענדען ניט בלויז צו לייגען דעם פונדאמענט פאר פרידען אין דער אינדוסטריע, נאר אויך פאר רייכקייט אין דער אינדוסטריע פאר אלע צדדים.

דער אונטערשיד אין די באדינגונגען ווי זיי זיינען איצט און ווי זיי זיינען געווען מיט עטליכע יאהר צוריק, וואס זיינען אילוסטרירט דורך אן אינצידענט וואס האט פאסירט מיט צוויי יאהר צוריק, ליגט נאך איצט אזוי קלאר אין מיין זכרון אז עס איז ווערט אים צו דערמאנען. מיט צוויי יאהר צוריק זיינען די קאנקורענץ באדינגונגען אין אונזער הויך קאנקורירענדער אינדוסטרי געווען פשוט גרויזאם. די ארבייטער האבען זיך שטענדיג באקלאגט אז זיי באקומען ניט דעם ארבייטסלוין, וואס עס קומט זיי לויט דעם אינדוסטריעלען אגרימענט. די באלעבאטים האבען דערויף געענטפערט, אז די קאנקורענץ אין די סוועט שעפער איז אזוי גרוים אז עס איז אוממעגליך צו פארקויפען אנשטענדיג אויסגעארבייטע סחורות. פילע גרויסע טשיין סטארס און ריטיילערס פלעגען קויפען פון אט די סוועט שאפ פראדוקציע, און איך אלס אומפארטייאישער פארזיצער בין געווען פארווארפען מיט פארלאנגען צו טאן עטוואס דערצו.

איך האב געשיקט רופען צו מיר די הויפט פארוואלטער פון דריי גרויסע טשיין סטארס און נאך איין מענעדזשער פון א גרויסען קאוט און סוט ריטייל קאנסוירן. איך האב צו זיי אפעלירט אז זיי זאלען געבען דעם פארצוג ביי קויפען סחורות צו פעקטארים, וואס פראדוצירען אויף אן אנשטענדיגען אויפ'ן און צאלען אנשטענדיגע וויידזשעס. זיי האבען זיך זייער אנשטענדיג און פריינדליך פארהאלטען אבער אלע האבען איינשטימיג ערקלערט אז זיי קענען עס ניט טאן. ווארים אויך זיי לעבען אין א וועלט פון קאנקורענץ. זיי האבען מיט זיך קאנקורירט און האבען אלעם אנגעווענדט צו באפרידיגען די נאכפראגע פון זייערע קאסטאמערס פאר ביליגע גארמענטס. זיי האבען ניט געקאנט צושטימען צו מיין אפיל ווייל זיי האבען מורא געהאט צו פארלירען ביזנעס. עס האט נארניט געקאנט געטאן ווערען און אזוי האבען מיר ווייטער געשפאנט אונטער די פארצייפעלטע אומשטענדען צו דער גרויסער דעפרעסיע. פאר מיינע אויגען האב איך ווייטער געזען פארטווערענד ארבייטער קומען זיך באקלאגען איבער די אומדערטרעגליכע באדינגונגען אין די שעפער. אויף זייערע פנים'ער איז געווען אויסגעגאסען פארצווייפלונג און אויגענשיינליכער הונגער. עס איז געווען אן אומדערטרעגליכע און פארצווייפעלטע לאגע. מען האט באדארפט האבען יענעם מוט וואס די פירערשאפט פון דער יוניאן האט פארמאגט כדי אזוי ווייטער אנצוגעהן מיט דער יוניאן. אהן דעם דאזיגען מוט וואלט די יוניאן באגעגענט נאך א גרעסערע קאטאסטראפע און די ארבייטער וואלטען געמוזט אין די דאזיגע שווערע יארען א סך מער ליידען.

איך שטעל די דאזיגע לאגע אנטקעגען צו דעם וואס עס עקזיסטירט איצט אין אונזער אינדוסטריע. זינט דער איינפירונג פון דער נ. ר. א. האט דער לייבעל פון קאוט און סוט קאוד אין א גרויסער מאס פארקלענערט דעם פארצוג פון די סוועט שעפער. מיר האבען איצט די פולע קאאפעראציע פון די ריטיילערס, וועלכע באשטעהען אויף דעם לייבעל, וואס דער קאוד שרייבט פאר פאר יעדען גארמענט. היינט צו טאג גיט דער קאוד אפים אוועק נאך א סך צייט צו קאנטראלירען די טשיזלערס. מיר אונטער-
שטארקע אגיטאציע און מאביליזיאציע פאר דער 30-שטונדיגען ארבייטס-וואך. די צייט איז רייף פאר אזא באוועגונג און די לאגע אין אונזער אינדוסטריע איז אויך אזא, וואס מאכט שטארק נויטיג די איינפיהרונג פון דער 30-שטונדיגער ארבייטס-וואך.

אויב א קאנווענשאן האט ווען געקענט אריינגעהן אין דער היסטאריע אלס עפאכע-מאכענד, קען עס זיין אונזער 22טע קאנווענשאן אין שיקאגא.

***

צולעצט וויל איך באגריסען אלע דעלעגאטען און אויסדריקען גלייכצייטיג מיין ווונש, אז זייערע באהאנדלונגען און באשליסע וועלען זיין פון אזא פארנעם ווי עס איז פאסענד פאר אזא ארגאניזאציע, ווי אונזער אינטערנעשאנאל איז יעצט. איך בין זיכער, אז די קומענדע קאנווענשאן וועט זיין א נייער קוואל פון באגייסטערונג פאר אונז אלעמען צו דערפילען ווירדיג אונזערע פליכטען און פאראנטווארטליכקייטען פאר דעם ווייטערען וואוילזיין פון אונזער ריזיגער מיטגלידערשאפט.

## אנערקענונגס-רעזאלוציע

מיר, די פרעסערס, וואס ארבייטען פאר'ן דזשאבער מ. וו. העפט, באשליסען צו באדאנקען ברודער טש. אראנסקי, אסיסטענט מענעדזשער פון אמעריקען דעפארטמענט „בי” דורך א באנקעט לכבוד איהם, אלס אנערקענונג פאר זיין געטרייער און גוטער אכטונג געבען אויף אונזערע אינטערעסען אין שייכות מיט די פרעסערס ביי דער דערמאנטער פירמע.

פאר זיין גוטער ארבייט לטובת די פרעסערס גיבען מיר איהם א ווערטפולען פרעזענט און מיר ווינשען איהם דאס צו נוצען געזונטערהייד.

מיר דריקען אויך אויס אונזער אנערקענונג צו די אנדערע אפיסערס פון דעפארטמענט און פון לאקאל.

**ארראנזשמענטס און רעזאלוציאנס קאמיטע:**

ע. ראזענבערג, טשערמאן; מ. ראזענפעלד, ב. דזשייקאבס, י. עהרליך, ל. בערנשטיין, טש. וויטלאק — קאמיטע.

אינפטער עווענױ. אלע זיינען געווען יום־טוב'דיג געקליידט. א ים מיט פאהנען און לאזונגען האבען געפלאטערט. די קלאוק און דרעס מאכער זיינען געקומען אין ריזיג גרויסע מאסען צו דער מאי־דעמאנסטראציע פון דער ארגאניזירטער ארבייטער באוועגונג אויף דעם רוף פון זייערע ארגאניזאציעס, וועלכער איז פארשפרייט געווארען איבער דער גאנצער שטאדט דורך ספעציעלע מאי־פראקלאמאציעס פון ביידע דזשאינט באארדס.

די דעמאנסטראציע איז געווען די גרעסטע און איינדרוקספולסטע אין דער געשיכטע פון ניו יארק. די אינטערנעשאנאל האט אונטער איהר באנער און אונטער דער אנפיהרונג פון פרעזידענט דובינסקי, וויס פרעזידענט נאגלער און ברעסלאוו געעפענט דעם דעמאנסטראציאנס־צוג. נאך איהר איז געגאנגען די גאנצע דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד. דאן האבען מארשירט די קלאוקמאכער לאקאלען. נאך זיי איז געגאנגען די דרעס־מאכער מאסע און אנדערע אינטערנעשאנאל לאקאלען. נאך זיי האבען מארשירט צענדליגער יוניאנס, דער ארבייטער רינג און די סאציאליסטישע פארטיי. דער מארש האט זיך געצויגען איבער די הויפט־גאסען פון ניו יארק און איז אויף דעם וועג צו מעדיסאן סקווער גארדען באגריסט געווארען פון א מיליאן מענשען. אלע דעמאנסטראנטען האבען דורכמארשירט דעם סקווער, וואו עס איז געווען אויפגעשטעלט א ריזיגע טריבונע פאר רעדנער פון דער ארבייטער־באוועגונג. ווען די לעצטע דעמאנסטראנטן זיינען אנגעקומען איז די זון שוין אונטערגעגאנגען.

דער רויטער פייער אויפ'ן הימעל האט סימבאליש עדות געזאגט, אז אויך די ערד, וואס איז טיילוויז שווארץ געווארען פון דער פאשיסטישער רעאקציע, וועט ווידער רויט ווערען און די פרייהייט און דער סאציאליזם וועלען סוף כל סוף דאך באהערשען די וועלט.

***

גלייך נאך דעם ערשטען מאי יום־טוב איז אין ניו יארק פארגעקומען א מיטינג פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד. די זיצונגען האבען געדויערט פון צווייטען ביז'ן פערטען מאי. דער צוועק פון מיטינג איז געווען צו הערען און גוטצוהייסען דעם באריכט פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד צו דער שיקאגאער קאנווענשאן, צו מאכען די לעצטע קאנווענשאן אראנדזשמענטס און צו באשטימען א קרעדענשעל קאמיטע. דער מיטינג האט אלע אנגעלעגענהייטען ערלעדיגט.

די קרעדענשעל קאמיטע באשטעהט פון זיבען פערזאן: רובין צוקערמאן, לאקאל 1; דעסטי, לאקאל 49; לודזשיא ראמאלדי, לאקאל 89 און נייטען מארגוליעס, לאקאל 22, אלע פון ניו יארק; מאיר בערנשטיין, לאקאל 18, שיקאגא; מארים דאמסקי, לאקאל 2, פילאדעלפיע; און איזידאר נאגלער, ניו יארק, אלס טשערמאן פון דער קאמיטע.

***

דער לאקאוט פון די קאנטראקטארס אין דער דרעס אינדוסטריע וואס איז געווען א רעזולטאט פון די סכסוכים צווישען די דרעס קאנטראקטארס און דזשאבערס, איז, א דאנק דער ענערגישער שטעלונג פון דער יוניאן שנעל ליקווידירט געווארען. די קאנטראקטארס האבען שנעל געמוזט ווידער אויפעפענען די שעפער און די ארבייטער זיינען אין גרעסטער ארדנונג צוריקגעגאנגען אין די שעפער. בלויז אין מאנכע שעפער איז פארגעקומען טראבעל און די ארבייטער האבען זיך נים געוואלט צוריקקערען צו דער ארבייט ביז זייערע קאמפלעינטס זיינען פון די יוניאן פארשטעהער נים געסעטעלט געווארען. אויך דארט וואו די פרייזען זיינען נים געסעטעלט געווארען צווישען די קאנטראקטארס און די דזשאבערס האבען די ארבייטער נים געוואלט אנפאנגען ארבייטען. די סכסוכים צווישען די קאנטראקטארס און דזשאבערס וועלען אויסגעגליכען ווערען פון ארביטריישארס, וועלכע די נ. ר. א. אין וואשינגטאן האט באשטימט.

דער איינציגער סך הכל פון לאקאוט, איז, אז די קאנטראקטארס און די ארבייטער האבען פארלוירען א מיליאן דאלער אין איינגאמע און וויידזשעס.

לויט דובינסקי'ס און האכמאנ'ס מיינונג, וואלטען די קאנטראקטארס אהן א סטאפעדזש א סך מעהר געוואונען ווי מיט דעם סטאפעדזש.

***

די וויסט און דרעס מאכער יוניאן לאקאל 50 אין פילאדעלפיע, וועלכע האט געגעבען דעם ערשטען סיגנאל צום קאמף קורץ פאר דער איינפיהרונג פון דער נ. ר. א., האט לעצטען שבת אווענד געפייערט דעם ערשטען יאהרטאג פון דעם געוואונענעם קאמף מיט א שיינעם באנקעט און טאנץ־אונטערהאלט. וויס־פרעזידענט עליאס רייזבערג האט די דרעס מאכער אונטערגעטראגען א שיינע מתנה צו דער דאזיגער פייערונג — אן אגרימענט מיט פולע יוניאן אנערקענונג פון דעם לעצטען נים יוניאן שאפ, וואס איז געווען א סקעב־פעסטונג אין פילע איסטערן סטייטס.

שבת, דעם 5טען מאי, האט ברודער עליאס רייזבערג אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט דער פירמע ביוועדמאן בראדערס אין פילאדעלפיע, וועלכע האט יאהרען לאנג געפירט א פארביסענעם קאמף קעגען יוניאן אנערקענונג.

די פירמע ביוועדמאן בראס. באשעפטיגט 500 ארבייטער און האט עטליכע שעפער אין פילאדעלפיא און אומגעגענד און אויך א פעקטארי אין פארטא ריקא. די יוניאן האט ארויסגערופען א סטרייק אין דעם ביוועדמאן שאפ אין סעילעם, נ. דזש., און אין נאך א צווייטען שאפ און האט אפגעשניטען זייער גאנצע פראדוקציע. דאס האט ענדליך געבראכט די פירמע איינצוזעהן, אז דער קאמף גגען דער יוניאן איז א שפיל פאר'ן טייוועל און זי האט אונטערגעשריבען דעם אגרימענט.

לויט דעם סעטעלמענט באצאלט די פירמע די ארבייטער 4 טויזענד דאלער אין „בעק פעי". אינטערעסאנט איז דערביי, אז בלויז מיט א קורצער צייט צוריק האט זיך די פירמע בארימט אין וואשינגטאן, אז זי וועט מיט דער יוניאן קיינמאל נים מאכען קיין שלום און האט זיך אויסגעדריקט פאר א הויכען בעאמטען, „ווען די יוניאן זאל אריינגעלאזען ווערען אין דער אינדוסטריע וועט פארקומען א רעוואלוציע".

***

דער אינטערנעשאנעל אפים האט דערהאלטען די דאזיגע פרעהליכע נייעס אין זעלבען מאמענט ווען פרעזידענט דובינסקי איז צוריקגעקומען פון וואשינגטאן מיט דער גאנצער קלאוק מאכער דעלעגאציע, וואו זיי האבען אויף אן ענטשלאסענעם שטייגער געגעבען א שארפען ווידערשטאנד דעם פארלאנג פון די באלעבאטים אפצושוואכען לימיטיישאן אוו קאנטראקטארס.

ווי עס איז שוין געווען געמעלדעט אין די טעגליכע צייטונגען, זיינען די באלעבאטים ביים פארהער בעפאר דעם קאוד אדמיניסטראטאר דר. האווארד ארויסגעקומען מיט א פאדרונג אפצושוואכען דעם פונקט פון לימיטיישאן אוו קאנטראקטארס. אויף דעם האט איזידאר נאגלער, דער דזשענעראל מענעדזשער פון דער ניו יארק קלאוקמאכער דזשאינט באארד, געענטפערט מיט א שטארקער ווארנונג, אז אזא פארזוך וואלט אריינגעבראכט די גאנצע אינדוסטריע אין א שרעקליכען כאאס און אז די יוניאן וועט דעם דאזיגען פארזוך באקעמפען מיט איהר גאנצער קראפט.

פרעזידענט דובינסקי האט העפטיג פראטעסטירט געגען דעם דאזיגען פארשלאג און האט באטאנט, אז דער איינציגער באדינג אויף וועלכען די קלאוקמאכער האבען איינגעשטימט אנצונעמען שטיק ארבייט איז געווען צוליב דער איינפיהרונג פון פאלשטענדיגע לימיטיישאן אוו קאנטראקטארס, אויב מען וועט מאכען אירגענד וועלכען פארזוך אפצושוואכען לימיטיישאן אוו קאנטראקטארס, וועט די יוניאן צוריקציהען שטיק ארבייט און וועט ווידער באשטעהן אויף וואך ארבייט אין דער גאנצער אינדוסטריע.

נאך דיזען פראטעסט האט דר. הארווארד ערקלערט, אז עס וועלען נים גענומען ווערען קיינע שריט אויף דעם פארלאנג פון די דזשאבערס און אז די גאנצע פראגע וועט איבערגעגעבען ווערען צו א בעראטונג פון די פיר צדדים

# מאָנאַטליכע נאָטיצען

פון פ. דעמביצער

די דאָזיגע נאָטיצען ווערען געשריבען ווען אין אונזערע יוניאָן קרייזען הערשט קאַמפּס־און יום־טוב שטימונג, ווען עס שוויבעלט און גריבעלט אין אינטערנעשאָנעל אָפּיס מיט אַ ברייט־פאַרצווייגטער און פיל־זייטיגער טעטיגקייט.

די דרעס מאַכער האָבען זיך צוריקגעקערט צו דער אַרבייט נאָך אַן ערפאָלגרייכען אַפּווער קעגען די באַלעבאַטים. פּרעזידענט רובינסקי מיט דער קלאָוק מאַכער דעלעגאַציע זיינען צוריקגעקומען פון וואַשינגטאָן, וואו זיי האָבען דורך אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד צונישט געמאַכט די אַפּעטיטען פון די באַלעבאַטים צו מאָדיפיצירען דעם קאָוד, און די פילאַדעלפיער דרעס מאַכער יוניאָן האָט איינגענומען די לעצטע ניט־יוניאָן פעסטונג. די יוניאָן מיטגלידערשאַפט איז אָנגעפילט מיט פרייד פון דער לעצטער ערשטער־מאַי דעמאָנסטראַציע צו וועלכער די אינטערנעשאָנעל האָט צוגעשטעלט די גרעסטע אַרמיי אַרבייטער. און צולעצט פיהלט זיך שוין איבעראַל אַ יום־טוב'דיגע קאָנווענשאָן שטימונג.

און די יום־טוב'דיגע שטימונג איז דאָס מאָל אַ באַרעכטיגטע. דער שרייבער פון אָט די שורות קען דאָס פּותר'ן אַ סך בולט'ער ווי די יעניגע וועלכע האָבען אין משך פון לעצטען יאָהר שריטווייז מיטגעמאַכט דעם קלאָפּ־מאַלען וואוקס פון דער אינטערנעשאָנעל. די לעצטע פיר יאָהר בין איך געווען געצוואונגען אָוועקצושטעהן פון דער באַוועגונג, זייענדיג זייער ווייט פון אירגענד וועלכער אַקטיוויטעט. ווען איך האָב מיט פיר יאָהר צוריק פאַרלאָזט די יוניאָן האָט זיך די אינטערנעשאָנאַל, ווי אַלע אַנדערע יוניאָנס, געפונען אין אַ זעהר שלעכטען צושטאַנד. די א. פ. און ל. האָט געהאַט פאַרלוירען אַ גאַר גרויסען חלק פון איהר איינפלוס און די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך ניט געקענט דערהוילען פון איהרע גרויסע פאַרלוסטען, וואָס זי האָט געליטען נאָך דער וועלט־מלחמה. ווען איך בין איצט נאָך פיר יאָהר צייט צוריקגעקומען, האָב איך די גאַנצע אַרבייטער באַוועגונג כמעט ניט דערקענט. וואוקס און קאַמפּס־לוסטיגקייט איבעראַל און אין יעדען ווינקעל; פאַרגרעסערטע יוניאָן לאָקאַלען, נייע לאָקאַל יוניאָנס, אַ נייעם גייסט און נייע פּנים'ער. און מיט געזעלשאַפטליכע באַוועגונגען איז געראָד אַזוי ווי מיט יחידים. ווען מען זעט אַ מענשען יעדען טאָג, באַמערקט מען ניט זיין פאַרענדערטען פּנים, אפילו דעמאָלט, ווען אַן ענדערונג קומט פאָר. דאָס זעלבע איז מיט אונזער יוניאָן. די וועלכע האָבען געזעהן די יוניאָן וואַקסען, וועלכע האָבען זיך באַטיילינט אין קאַמף פאַר איהר נצחון און וואוקס באַמערקען דאָס ניט אַזוי ווי איך, וועלער האָט צוריקגעלאָזען אַ שוואַכע יוניאָן, פול מיט זאָרגען און צרות און האָט איצט מיט איינמאָל אָנגעטראָפען אַ שטאַרקע יוניאָן־באַוועגונג מיט אַ ריזיגער אַקטיוויטעט, מיט צענדליגער נייע אָפיסעס, אין וועלכע עס שוויבעלט און גריבעלט מיט טעטיגקייט.

* * *

פון ניו יאָרק איז דאָך אָפּגערעדט. דאָ איז דאָך ממש פאָרגעקומען אַ גאַנצע רעוואָלוציע. איך האָב אָבער אויך געזעהן אונזער יוניאָן איבער'ן לאַנד פאָהרענדיג פון קאַליפאָרניא צו דער איסט. אַ באַזונדערס שטאַרקען איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דער פּראָגרעס, וואָס עס האָט געמאַכט אונזער וועיסט און דרעס מאַכער יוניאָן אין פילאַדעלפיא. איך בין אַריינגעפאַלען אומפאַרהאָפט אויף אַ שאָפּ טשערמאַן מיטינג. אין אַ שטאָדט, וואָס האָט יאָהרען־לאַנג זיך געמאַטערט צו אָרגאַניזירען אַ דרעס־מאַכער יוניאָן, האָט קיינמאָל ניט געקאָנט ברענגען צו קיין מיטינג צוויי אָדער דריי הונדערט באַלמעלאָכעס, האָב איך אָנגעטראָפען אַ מיטינג פון עטליכע הונדערט שאָפּ טשערליים, וואָס רעפּרעזענטירען הונדערטער שעפּער. און דערנייעט וואָס האָט דאָרט געהערשט! די שאָפּ טשערלייט האָבען דיסקוטירט ווי אַזוי צו פייערען דעם ערשטען מאַי יום־טוב און דעם נצחון פון סטרייק, וואָס איז מיט אַ יאָהר צוריק געוואונען געוואָרען. עס איז געוועזען אַ פאַרגעניגען זיך צוצוהערען מיט וואָס פאַר אַן אינטעליגענץ און טאָלעראַנץ דער מיטינג איז געפיערט געוואָרען.

* * *

אין ניו יאָרק בין איך אָנגעקומען ערב דעם ערשטען מאַי. אין אָפּיס פון דער אינטערנעשאָנאַל בין איך גלייך אָנגעפילט געוואָרען מיט אַ יום־טוב'דיגער שטימונג און האָב געפייערט דעם ערשטען מאַי יום־טוב אין די רייהען פון די קלאָוק און דרעס מאַכער.

דעם פּראָלאָג צו דער ריזיגער מאַי פייערונג האָט געגעבען דער איטאַליענישער דרעס מאַכער לאָקאַל 89 אויף אַן אימפּאָזאַנטען אופן.

לאָק. 89, וואָס איז איצט דער גרעסטער יוניאָן־לאָקאַל אין גאַנץ אַמעריקא, האָט ערב דעם ערשטען מאַי געפייערט דעם זיג פון זייער יוניאָן מיט אַן אינסטאַלישאָן־מיטינג אין דעם ריזיגען היפּאָדראָם טעאַטער, וואו אַן אָפּערא־קאָמפּאַניע האָט נאָך דער אינסטאַלירונג געשפּילט די אָפּעראַס „פּאַליאַטשי“ און „קאַוואַלעריא ראַסטיקאַנאַ“. דאָס איז געווען אַ מערקווירדיגער אָוונד, אַן אומפאַרגלייכליכער יום־טוב פון אַרבייטער־סאָלידאַריטעט. צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון אַ יוניאָן האָט אַ לאָקאַל אָפּגעהאַלטען אַ מיטינג אין אַן אָפּערא־האָל און איז קאָמבינירט געוואָרען מיט אַן אָפּערא־אויפפיהרונג.

די ערב יום טוב'דיגע מאַי שטימונג האָט זיך געפיהלט אין יעדען ווינקעל פון פול־געפּאַקטען האָל מיט זעקס טויזענט דרעס מאַכער און געסט פון דער אַרבייטער־באַוועגונג. ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבען האָט דער עולם געזעהן אַ ים מיט בלומען פון די אַרבייטער אין די שעפּער, וועלכע האָבען באַצירט דעם באַנער פון דער איטאַליענישער דרעס מאַכער יוניאָן לאָקאַל 89. אונטער דעם קלאַנג פון דעם ריזיגען אָרקעסטער האָבען אויף דער ביהנע אַרויפגעמאַרשירט די באַאַמטע, וואָס פיהרען די 40 טויזענט דרעס מאַכער פון דער איטאַליענישער נאַציאָנאַליטעט. געזאַנג און מוזיק קלאַנג יובעל און באַגייסטערונג זיינען פאַרשווינען געוואָרען ווען עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען די באַגריסונגס־ און אינסטאַלירונגס־רעדעס. עס האָבען גערעדט האָכמאַן פון דער דרעס־מאַכער דזשאָינט באָאַרד, נאַגלער פון די קלאָוקמאַכער, אַנטאָניני, דער זיגרייכער מענעדזשער פון לאָקאַל 89; מעיאָר לאַגוואַרדיא און פּרעזידענט דובינסקי. נאָך יעדער רעדע האָט מוזיק געשפּילט אַ פּאַסיג אַרבייטער־ליד און די טויזענטער דרעס מאַכער האָבען געפּאַטשעט מיט אַ רויטען באַנער, וואָס האָט זיי אויך געדינט צו דער ערשטער מאַי דעמאָנסטראַציע. ווען דובינסקי האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט צו האַלטען זיין איינשווערונגס־רעדע האָט זיך דער טויזענט קעפּיגער עולם אויפגעשטעלט פון די ערטער און איהם געמאַכט אַ באַגייסטערטע אָוואַציע. פּרעזידענט דובינסקי איז געווען אין פולער מאַי־שטימונג און האָט געהאַלטען אַ רעוואָלוציאָנערע רעדע, וועלכע איז אויפגענומען געוואָרען מיט אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטען. ער איז געווען אָנגעפילט מיט פרייד און שטאָלץ און די פרייד האָט אַרויסגעשריען פון זיין האַרץ.

דער אינסטאַלישאָן־מיטינג און די אָפּעראַס זיינען געבראָדקעסט געוואָרען און צעהנדליגע טויזענטער יוניאָן־מיטגלידער און אַרבייטער האָבען זיך צוגעהערט צו דעם מערקווירדיגען, געשיכטליכען מיטינג, וואָס האָט זיי באַגייסטערט צו דער מאָרגעדיגער ערשטער מאַי־פייערונג.

* * *

צו־מאָרגענס האָט איבער די ניו יאָרקער גאַסען גאַנץ פריה די זון אויפגעשיינט אין פולער גלאַנץ און פּראַכט. צענדליגער טויזענטער אַרבייטער האָבען אָנגעפילט די גאַסען אַרום דעם אינטערנעשאָנאַל אָפּיס און דער

# די ניו יאָרקער קלאָוקמאַכער דזשאָינט באָארד

פון לואיס ע. לאַנגער

סעקרעטער דזשאָינט באָארד קלאָוקמאַכער יוניאָן פון ניו יאָרק

דער דזשאָינט באָארד האָט געהאַט אַ טראַדיציע צו געבען אַן איבערבליק איבער זיין טעטיגקייט צווישען איין קאָנווענשאָן און אַ צווייטער. דערמיט האָט דער דזשאָינט באָארד באַצוועקט צו באַקענען די קאָנווענשאָן דעלעגאַטען פון די אַנדערע שטעט מיט דעם לעבען און טעטיגקייט פון דער ניו יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן און איהר ווירקונג אויף דעם געזעלשאַפטליכען לעבען.

דיזע באַריכטען האָבען ענטהאַלטען אַן איבערבליק ניט נאָר איבער די פאַרשידענע טרייד-פּראָבלעמען, אָן וועלכע דער דזשאָינט באָארד שטויסט זיך אָפּט אָן און דאַרף געפינען פאַר זיי אַ פּאַסענדע לייזונג, נאָר אויך איבער פאַרשידענע אינערלאַכע אָרגאַניזאַציאָנס פראַגען, וועלכע פלעגען אָפּטמאָל אַרויסרופען באַדייטענדע מיינונגספאַרשידענהייטען און האָבען דאַרום באַדאַרפט זעהר פאָרזיכטיג באַהאַנדעלט ווערען.

אין די לעצטע יאָהרען איז דיזע טראַדיציע, צוליב פאַרשידענע אורזאַכען, אוועקגערוקט געוואָרען אַן אַ זייט און דער דזשאָינט באָארד האָט אויפגעהערט צו געבען זיין צוויי-יעהרליכען איבערבליק. צו געבען אַצינד אַ גרינדלאַכען איבערבליק איבער דעם דזשאָינט באָארד'ס טעטיגקייט פון די לעצטע פאַר יאָר איז אוממעגליך, ווייל אום דאָס צו טאָן מוז מען אליין דורכלעבען דיזע טעטיגקייטען. דער שרייבער, זייענדיג ניי אין אַמט, האָט דיזע טעטיגקייטען אליין ניט דורכגעלעבט, און פאָלגליך איז ער ניט אימשטאַנד זיך אונטערנעמען אַרויסצופירען דעם דזשאָינט באָארד פאַר די דעלעגאַטען פון די אַנדערע שטעט, אין דעם אַלטען טראַדיציאָנעלען זין.

די שמחה פון אונזער 35-יאָריגער יובילעאום קאָנווענשאָן וואָלט אָבער ניט געווען פאָלקאָם אָן אַן איבערבליק איבער די אינהאַלטסרייכע איבערלעבונגען און פּאַסירונגען אין דעם ניו יאָרקער קלאָוק דזשאָינט באָארד, דורך די לעצטע צוויי יאָהר. אַזוי ווי מיר קענען, צוליב די דערמאָנטע אורזאַכען ניט אָפּגעבען אַזאַ איבערבליק אויספירליך, וועלען מיר זיך באַנוגענען מיט בלויז איבערגעבען אונזער אויפפאַסונג אויף דעם קאָלאָסאַלען דזשאָינט באָארד אַפּאַראַט, ווי אַזוי ער פונקציאָנירט און ווערט פאַרוואַלטעט אונטער דעם מענעדזשמענט פון ברודער נאַגלער, מיט דער מיטווירקונג פון דעם גאַנצען דזשאָינט באָארד סטעף, אונטער דעם אָנגענומענעם קאָוד און באַנייטען קאָלעקטיווען אַגרימענט.

מיט דעם קאָוד פון איין זייט און דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט פון דער צווייטער, איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג. ניט נאָר האָבען די צוויי אינסטרומענטען געענדערט די פּראָצעדור פון אונזער האַנדלען מיט די פאַרשידענע אַסאָסיאיישאָנס פון די באַלעבאַטים, נאָר זיי האָבען אויך, אַלס אַ נאַטירליכער רעזולטאַט, געענדערט דעם געבוי און די אָנווענדונג פון אונזער פאַרצווייגטען אָרגאַניזאַציאָנס אַפּאַראַט. די ענדערונג אין אונזער אָרגאַניזאַציאָנס אַפּאַראַט איז אַרויסגערופען געוואָרען הויפּטזעכליך צוליב פאָלגענדע פונקטען:

1. די אַלט-נייע פּראָדוקציאָנס סיסטעם;
2. די באַגרעניצונג פון קאָנטראַקטאָרס, און
3. די 35-שטונדען אַרבייטס-וואָך.

דער ערשטער פונקט איז אַ קאָמפּליצירטער און אַ זעהר וויכטיגער. ער ריהרט אָן דעם עיקר — דעם אַרבייטער'ס פאַרדינסטען — וועלכעס איז זיין הויפּט לעבענס-פראַגע. דורכצופיהרען דיזע ענדערונג אין דער פּראָדוקציאָנס סיסטעם, אַזוי אַז דער וואוילזיין פון די קלאָוקמאַכער זאָל זיין געשיצט, אין דער פּראַקטיק און ניט בלויז אין דער טעאָרי, האָט זיך געפאָדערט אַ פאָלקאָמע ענדערונג אין אונזער פריערדיגער מעטאָדע פון קאָנטראָלירען און באַשיצען דעם אַרבייטער'ס פאַרדינסטען. אונטער דעם סיסטעם פון וואָך-אַרבייט זיינען די שכירות פאַר יעדען פאַך אַרבייטער געוואָרען באַשטימט אין פאָראויס, און עס איז בלויז געווען דער יוניאָנ'ס אויפגאַבע אויפצופאַסען אַז יעדער מיטגליד זאָל קריגען דעם געהעריגען לוין. דאָרט וואו אַן אַרבייטער האָט ניט געקראָגען די געהעריגע שכירות, צי צוליב זיין שוואַכען כאַראַקטער, אָדער צוליב דעם אַרבייטסגעבערס געלד-גייציגקייט, האָט די יוניאָן אויפגעמאָנט פאַר דעם באַטרעפענדען די געהעריגע שכירות דורך דער אַסאָסיאיישאָן, און דערמיט איז די קייס ערליידיגט געוואָרען.

מיט דעם איינפירען פון שטיק-אַרבייט האָט די יוניאָן גלייך געמוזט איינשטעלען אַ ספּעציעלען אַפּאַראַט, צו באַגעגנען קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון סעטלען פרייזען פאַר יעדען שטיק אַרבייט אַזוי אַז די אַרבייטער זאָלען קענען געניסען די פרוכט פון זייער אַרבייט, ווי עס לויטעט דער קאָוד און דער קאָלעקטיווער אַגרימענט.

כדי די אַרבייטער זאָלען ניט ווערען געקריוודעט ביים סעטלען פרייזען, ווי אויך איינצופיהרען אַ איינהייטליכע האַנדלונג און קאָנטראָל איבער די פרייזען פאַר אַרבייט אַזוי אַז די אַרבייטער פון איין קאָנטראַקטאָר זאָלען ניט קענען קאָנקורירען מיט די אַרבייטער פון אַנדערע קאָנטראַקטאָרס, לויטעט אונזער אַגרימענט, אַז אַלע פרייזען מוזען געסעטעלט ווערען דירעקט מיט יעדען דזשאָבער, אָדער מאַנופעקטשורער, און דיזעלבע פרייזען מוזען געצאָהלט ווערען אין אַלע שעפּער וואָס אַרבייטען פאַר דערזעלבער פירמע. אַלע פרייזען מוזען געסעטעלט ווערען פון פרייז-עקספּערטען, פאָרטרעטענדיג די יוניאָן און די אַרבייטס-געבער, אין דער אַנוועזענהייט און מיט דער מיטווירקונג פון „דזשאָינט" פרייז קאָמיטעט, וואָס פאָרטרעטען די אַרבייטער פון אַלע שעפּער פון יעדען באַזונדערען דזשאָבער אָדער מאַנופעקטשורער.

באַלד נאָך דעם לעצטען גענעראַל סטאָפּעדזש זיינען ניט פאָרגעקומען קיין ספּעציעלע שוועריגקייטען אין באַצוג דעם סעטלען פון פרייזען. די באַלעבאַטים, זייענדיג געצוואונגען אויפצומאַכען זייערע ערשטע אָרדערס ווי אַמשנעלסטען, האָבען געהאַנדעלט ביים סעטלען פרייזען אַזוי אַז מיר האָבען זיך אָנגעשטויסען בלויז אויף טיילווייזע שוועריגקייטען. ביי דיזען קלאַס דזשאָבערס און מאַנופעקטשורערס האָבען די אויסגעהונגערטע קלאָוקמאַכער געהאַט די מעגליכקייט אַביסעל אָפּצוכאַפּען דעם אָטעם. אָבער דיזע „פּראָספּעריטי" האָט אָנגעהאַלטען בלויז אַ פּאָר וואָכען. אַזוי שנעל ווי די ערשטע אָרדערס זיינען אויפגעמאַכט געוואָרען, און עס איז געקומען צו סעטלען פרייזען אויף די נייע, צוגעקומענע סטיילס, זיינען די באַלעבאַטים געוואָרען האַרטנעקיג, און דאָס סעטלען פון פרייזען האָט אָנגענומען די אַמאָליגע פאָרמע פון אויפרעגונג און פאַרביטערקייט. זייער טענה איז געווען אַז די אַרבייטער האָבען צו הויך אַרויפגעטריבען די פרייזען ביי די ערשטע סעטלמענטס אַזוי, אַז עס איז פאַר זיי אוממעגליך נאָכצוקומען די קאָנקורענץ פון אַנדערע מאַרקעטס. דיזע טענה, מעג מען זאָגען מיט רעכט, איז ניט געווען באַגרינדעט. זיי האָבען אויך גע'טענה'ט אַז די אָנגעווענדעטע מעטאָדע פון סעטלען פרייזען האָט ניט געשאַפען קיין איינהייטליכקייט אין דעם פּראָדוקציאָנס קאָסט, ווייל, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, זיינען די פרייזען אין מאַנכע הייזער געסעטעלט געוואָרען ביליגער ווי אין אַנדערע הייזער וואָס מאַכען דיזעלבע ליין אַרבייט. דיזע טענה איז, ביז אַ געוויסען גראַד, געווען יאָ באַרעכטיגט. עס איז אָבער זעלבסטפאַרשטענדליך אַז דיזע קאָמפּליצירטע לאַגע האָט זיך געשאַפען דערפון וואָס יעדע גרופּע נרייז-אַרושטעטערס

פון קאוד און קאלעקטיווע אגרימענט. עס איז אויך אנגענומען געווארען א באשלוס, אז מאריס גרינבערג, דער נייער אדמיניסטראטאר פון גארמענט טרעיד, זאל אפוינטען א קאמישאן פון דריי מענשען צו אונטערזוכען די לאגע פון די אויטסייד מארקעטס איבער דעם לאנד און זאל דאן פארהאנדלען, ווי גרוים עס זאל זיין דער אונטערשיד אין פראדוקציאנס קאסטען צווישען ניו יארק און די אנדערע שטעט. איינער פון די דריי מיטגלידער פון דער קאמישאן מוז זיין א פארטרעטער פון די ארבייטער. א חוץ דעם איז אויך באשלאסען געווארען, אז די קאוד אויטאריטי זאל פארגרעסערט ווערען מיט צוויי מענשען פאר דער איסט און ניו דזשוירזי סטייט. פרעזידענט דובינסקי האט דערביי אריינגעשטעלט א באדינג, אז אין דער פארגרעסערטער צאהל זאל אריין א פארטרעטער פון דער יוניאן פון די וועסטערן מארקעטס.

די יוניאן אינטערעסען זיינען אין וואשינגטאן פארטראטען געווארען פון א גרויסער צאהל יוניאן פארשטעהער און בעאמטע. ניו יארק איז געווען פארטראטען דורך וויים־פרעזידענט נאגלער, דעסטי, העלער, ליוויי, ברעסלאו און דורך ר. צוקערמאן, טשערמאן פון דער קלאוק מאכער דזשאינט באארד, און סארקין, מענעדזשער פון לאקאל 9. פון אוט אוו טאון זיינען געווען: פלאטקין פון קענזעס סיטי, וויים פרעזידענט ביאלים, שיקאגא, וויים־פרעזידענט קריינדלער, באלטימאר, עליאס רייזבערג און ג. רובין פון פילאדעלפיע און אייב קאטאווסקי פון קליוולאנד.

די אינטערנעשאנעל איז אויך געווען פארטראטען דורך לאיער עליאס ליבערמאן, פרעדריק פ. אומעהי, עקזעקוטיוו סעקרעטאר פון דער אינטערנעשאנעל, און דורך טש. ה. גרין, דירעקטאר פון קאוד אבזווירוועגס ביורא.

די באלעבאטים און די פארשטעהער פון דער נ. ר. א. האבען זיך זיכער פון די דאזיגע בעראטונגען געקענט איבערציינגען אז ווען זיי וועלען פארזוכען אפצושוואכען די ערובערונגען פון די ארבייטער וועט זיי די אינטערנעשאנעל געבען א הארטען נוס צו קנאקען.

***

ביי דיזע הירינגס האט פרעז. דובינסקי אויך אויסגעווירקט וויכטיגע אויסבעסערונגען פאר די שיפינג קלוירקס און דער קלאוק אינדוסטריע.

די שיפינג קלויקס געהערען צו די עקספלואטירטע ארבייטער אין דער אינדוסטריע. זיי באלאנגען ניט צו דער קאטעגאריע ארבייטער, וואס ווערען באצייכענט אלס „מאנופעקטשורער עמפלאאים" און זיי דארפען ארבייטען 40 שטונדען און זעקס טאג א וואך. בעת די רעגעלע קלאוק מאכער ארבייטען 35 שטונדען און פינף טעג א וואך אין א באשטימטער צייט, ארבייטען די שיפינג קלוירקס אין אומבאשטימטע שטונדען. עס איז דורך דעם אוממעגליך צו קאנטראלירען זייער ארבייטס־צייט און פילע פון זיי האבען געארבייט 60 און 70 שטונדען א וואך.

אבוואהל זיי באלאנגען ניט צו דער אינטערנעשאנעל, האט פרעזידענט דובינסקי אויסגענוצט די געלעגנהייט ביי די וואשינגטאנער הירינגס און האט פארגעבראכט זייערע עוולות. דער פארזיצענדער, דר. האווארד, האט איהם טאקע גלייך ביים אנפאנג אונטערבראכען מיט דער פראגע צי זיי באלאנגען צו דער יוניאן. דובינסקי האט איהם געענטפערט אז ניין, נאר אזוי ווי די קאוד אויטאריטיס נעמען זיך פאר זיי ניט אן, איז עס זיין פליכט זיך פאר זיי איינצושטעלען און צו שיצען זייערע אינטערעסען. דובינסקי האט ביי דיזער געלעגנהייט באטאנט, אז דער פארגעבראכטער פאקט באווייזט דייטליך ווי נויטווענדיג עס איז א יוניאן פאר דער אפהיטונג פון דעם קאוד.

מיט זיין איינשטעלען זיך פאר די שיפינג קלוירקס האט ער פאר זיי אויסגעווירקט אז זיי וועלען פון איצט אן ארבייטען אין א באשטימטער צייט פון טאג און ניט לענגער ווי ביז זעקס אזייגער אין אווענט.

אויב די באלעבאטים וועלען צווינגען די ארבייטער צו ארבייטען לענגער, וועט דאס באטראכט גערען ווי א פאר־לעצונג פון קאוד. א חוץ דעם האט ער אויך אויסגעווירקט, אז די לאגע פון די קלאוק שיפינג קלוירקס זאל באטראכט ווערען ביי די קומענדע קאנפערענצען.

***

שליסענדיג די דאזיגע נאטיצען וויל איך ניט פארגעסען אן מיינע פריינד אין קאליפארניע.

די אומשטענדען אין סאן פראנציסקא און באזונדערס אין דער אפען שאפ שטאט לאס אנדזשעלעס, זיינען א סך שווערער ווי די קאמפס באדינגונגען אין דער איסט און אין דער מיטל־וועסט. פונדעסטוועגן איז זיי דארט, מיט דער הילף פון דער אינטערנעשאנעל, וואס האט אהינגעשיקט די ענערגישע ראוז פעסאטא און דעם ערפארענעם פיהרער ישראל פיינבערג, געלונגען צו ארגאניזירען דעם קלאוק טרייד און אנצוצינדען א פייער אין די הערצער פון די דרעס מאכער.

לעצטענס האבען זיי אין סאן פראנציסקא אפגעהאלטען א רייהע בעראטונגען ווי אזוי צו באפעסטיגען די שוין עקזיסטירענדע ארגאניזאציעס און צוגרייטען דעם באדען פאר דער פולשטענדיגער ארגאניזירונג פון דער דרעס אינדוסטריע אין לאס אנדזשעלעס און אין סאן פראנציסקא.

א באזונדערע אויפמערקזאמקייט איז געשענקט געווארען דער ארגאניזאציאנס ארבייט צווישען די עטליכע טויזענט כינעזישע ארבייטער אין סאן פראנציסקא, וועלכע האט אויף זיך געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון דער עפענטליכער מיינונג אין קאליפארניע און האט דארטען געמאכט א גרויסען רושם. דער צענטראל לייבאר טרייד פון סאן פראנציסקא האט אונטער דעם איינדרוק פון דער ארגאניזאציאנס ארבייט צווישען די כינעזער, וואס די אינטערנעשאנעל האט דארט אנגעפאנגען אין דער ליידיס גארמענט און דרעס אינדוסטריע, געענדערט זיין ביז איצטיגע שטעלונג צו די אזיאטישע ארבייטער און עס האט זיך געשאפען א טענדענץ אנצופאנגען א קאמפיין צו ארגאניזירען אלע אזיאטישע ארבייטער אין קאליפארניע. דער צושטאנד פון די כינעזישע ארבייטער אין דער נידעל אינדוסטריע פון סאן פראנציסקא איז פשוט אומבאשרייבליך. טויזענטער מענער און פרויען ארבייטען אונטער די שרעקליכסטע סוועט־שאפ באדינגונגען פאר ביליגע פרייזען. פאר די טויזענטער טוריסטען וואס קומען פון גאנץ אמעריקע, איז דער „טשיינע דיסטריקט אין סאן פראנציסקא א פאוואונדערונגסווערטער באזוך־ארט, וועלכער ווערט באוואונדערט צוליב דעם עקזאטישען אויסזעהן פון כינעזישען געגענט. ווער פון די טויזענטער טוריסטען ווייס אבער, אז אין אט די פארבענרייכע הייזלאך שמאכטען טויזענדער כינעזישע מענער און פרויען אונטער די גרויזאמסטע שקלאפישע באדינגונגען

די אינטערנעשאנעל האט איצט אויף זיך גענומען די אויפגאבע ארויפצורייסען די פארבענרייכע מאסקע פון כינעזישען געטא און צו באפרייען די כינעזישע ארבייטער פון זייער לאנגער און אומבאמערקטער שקלאפעריי.

---

## פ. דעמביצער צוריק מיט דער „גערעכטיגקייט"

ברודער פ. דעמביצער, וועלכער האט צוליב קראנקהייט מיט פיר יאהר צוריק זיך געפיהלט געצוואונגען אויפצוגעבען זיין מיטארבייטערשאפט אין דער „גערעכטיגקייט און איז אוועקגעפאהרען אין קאליפארניע, איז צוריקגעקומען. אין ניו יארק פיל פארבעסערט אין זיין געזונט־צושטאנד און ער וועט ווייטער זיין פארבונדען מיט דער „גערעכטיגקייט". מיר באגריסען הארציג זיין צוריקקעהר.

סטענדאַרדס". ביים סעטלען פרייזען האָט זיך ערשט אַרויסגעוויזען ווי ריכטיג עס איז געווען ברודער נאָגלער'ס באַהויפּטונג אַז די ביידע פונקטען זיינען אַזוי ענג געקניפּט און געבונדען אַז מען קען זאָגען מיט רעכט אַז זיי זיינען אַ צווילינג.

פאַר אַ טייל מאַנופעקטשורערס איז אויסגעקומען שווער צוגעוואוינען זיך צום געדאַנק אַז די ארבייטער זיינען באַרעכטיגט צו מאַכען אַן אַנשטענדיגען לעבען, און זיי האָבען געזוכט מיטלען ווי אַזוי אַרונטערצודריקען דעם אָנגענומענעם „וויידזש־סטענדאַרד„. אָבער אַזוי ווי די מעטאָדע פון סעטלען די פרייזען דורך עקספּערטען מיט געמיינשאַפטליכע פרייז קאָמיטעס, אַנשטאָט זייערע אייגענע ארבייטער, האָט דיזע מאַנופעקטשורערס פאַרשטעלט דעם וועג, און אָוועקגענומען די מעגליכקייט אָפּצונאַרען די ארבייטער, האָבען זיי גענומען אָנווענדען אַנדערע מיטלען, נעמליך: זיי האָבען געשאַפען אַ קינסטליכען סלעק אין זייערע קאָנטראַקטינג שעפּער, דורך צוריקהאַלטען די ארבייט, האָפענדיג אַז דורך אויסהונגערען די ארבייטער וועלען זיי זיין געצוואונגען אַרונטערצולאָזען פון די געסעטעלטע פרייזען. אָבער ווען אויך דיזער מיטעל האָט ניט געהאָלפען, האָבען זיי אָנגעהויבען אַרויסצושיקען זייער ארבייט בשתיקה צו ניט רעגיסטרירטע קאָנטראַקטאָרס, אום אַזוי אַרום צו שאַפען אַ קאָנקורענץ צווישען איין קאָנטראַקטאָר און דעם צווייטען, פון וועלכער די ארבייטער וואָלטען סוף כל סוף געווען די קרבנות. האָט זיך אָבער די יוניאָן דערוואוּסט דערפון און האָט פאַרקלאָגט די באַלעבאַטים פאַר דער קאָוד אויטאָריטי אויף דעם גרונד פון פאַרלעצען דעם פונקט פון דעם קאָוד, וואָס לויטעט אויסדריקליך, אַז „קיין דזשאַבער אָדער מאַנופעקטשורער טאָר ניט אַרויסגעבען זיין ארבייט צו קיינעם אויסער זיינע רעגיסטרירטע קאָנטראַקטאָרס". דער פונקט לויטעט אויך, אַז „דער דזשאַבער אָדער מאַנופעקשורער מוז איינטיילען זיין ארבייט יושר'דיג צווישען אַלע זיינע רעגיסטרירטע קאָנטראַקטאָרס". די קאָוד אויטאָריטי האָט גענומען די נעהעריגע שטעלונג אין דיזען ענין און האָט שטרענג באַשטראָפט יעדע פירמע וואָס איז געפונען געוואָרען שולדיג אין פאַרלעצען דיזען פונקט.

איינזעהענדיג אַז דער שפּיל איז פאַר'ן טייוועל, אַז קיינע פונדי אויספּראָבירטע „סקימס" העלפען ניט, האָבען אַ צאָהל דזשאַבערס און מאַנופעקטשורערס באַשלאָסען זיך איינגאַנצען צו באַפרייען פון דער יוניאָנ'ס און קאָוד אויטאָריטיס קאָנטראָל און ווערען פריי־מאַיאָרען, ווי אין די אַמאָליגע „גוטע צייטען". זיי האָבען דאַרום רעזיגנירט פון זייערע אַסאָסיאיישאָנס און אינקאָרפּאָרירט זייערע פירמעס, אום אויסצומיידען געריכטליכע פאַרפאָלגונג פאַר ברעכען זייער אַגרימענט. דערצו האָבען זיי געעפענט שעפּער אין שטעטלאַך אויסער ניו יאָרק, און האָבען אַרויסגעקראָגען אַ צייטווייליגען אינדזשאָנקשאָן פאַרוועהרענדיג דער יוניאָן, דער קאָוד אויטאָריטי, די „ען־אַר־עי" און אַלע אַנדערע צדדים אונטער דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט, אַרופצוצווינגען אויף זיי די באַדינגונגען פון אונזער קאָוד און קאָלעקטיווען אַגרימענט.

זיי האָבען זיך אָבער אין גיכען איבערצייגט אַז זיי האָבען געמאַכט אַ טעות אויך אין דיזען חשבון, נעמליך: די קאָוד אויטאָריטי האָט זיי ענטזאָגט דעם „ען־אַר־עי" לייבעל אויף דעם גרונד אַז זייערע גאַרמענטס ווערען ניט געמאַכט אונטער די באַדיינגונגען פון דעם קאָוד. אַזוי ווי זיי טאָרען ניט פאַבריצירען קיין קלאָוקס אָן דיזען לייבעל און די גרויסע דעפּאַרטמענט סטאָרס האָבען זיך ענטזאָגט צו קויפען זייער סחורה, זיינען דיזע גרופּע באַלעבאַטים געצוואונגען אָנצונעמען אַן אַנדער ווענדונג, ווייל זיי האָבען איינגעזעהען אַז מיט דעם אינדזשאָנקשאָן קענען זיי ניט פאַבריצירען און פאַרקויפען קיין קלאָוקס.

דערצו האָט די יוניאָן אַרויסגעקראָגען אַ צייטווייליגען אינדזשאָנקשאָן נעגען איינער פון די אָנגעזעהענסטע פירמעס פון דיזער גרופּע, פאַרוועהרענדיג איהר אָפּצוזאָגען איהרע רעגיסטרירטע ניו יאָרקער קאָנטראַקטאָרס, ווייל לויט דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט אין יעדע אַסאָסיאיישאָן, אַזוי גוט ווי יעדער איינצעלנער מיטגליד פון יעדער אַסאָסיאיישאָן, פאַראַנטוואָרטליך פאַר יעדען פונקט פון דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט און דעם קאָוד ביז דער אַגרימענט וועט אויסגעהן.

אין אָנפאַנג האָט דיזע פירמע געזוכט צו באַקעמפען דער יוניאָנס'ס אינדזשאָנקשאָן; איינזעהענדיג אָבער אַז דער געריכט אַליין פאַראַכטעט די „סוועט־שאַפּערס" און די סוועט שאַפּ באַדינגונגען, און אַז יושר מוז זיגען, האָט דיזע פירמע זיך אונטערוואָרפען אונטער דעם איינדזשאָנקשאָן, ביז דעם אויסגאַנג פון זיין טערמין, און האָט גלייך איינגעווילינט צוריק איינצושטעלען די באַדינגונגען פון דעם קאָוד און אונזער קאָלעקטיווען אַגרימענט אין אַלע אירע שעפּער.

דיזער זיג האָט געהאַט זיין ווירקונג אויף דעם היגען קלאָוק מאַרקעט און האָט ערמוטיגט די יוניאָן פאָרטצוזעצען דיזעלבע אַקציע נעגען די איבעריגע פירמעס וואָס באַלאַנגען צו דער זעלבער גרופּע.

## די 35־שטונדען ארבייטס־וואָך

די 35־שטונדען ארבייטס־וואָך איז דער דריטער וויכטיגסטער פונקט אין אונזער קאָוד און קאָלעקטיווען אַגרימענט. עס איז דאַרום זעלבסטפאַרשטענדליך אַז די יוניאָן האָט זיך געמוזט אָפּגעבען מיט „ענפאָרסען" דיזען פונקט מיט דער זעלבער ענערגיע ווי אין די ערשטע צוויי פונקטען. עס איז אַ אָנגענומענער עקאָנאָמישער כלל אַז אַן אָרגאַניזירטע קורץ־שטונדיגע ארבייטס־וואָך הויבט אויף דעם לעבענס־סטאַנדאַרד אין יעדער אינדוסטריע, איבערהויפּט אין אַ גוט אָרגאַניזירטער אינדוסטריע. דער דזשאָינט באָאַרד האָט דאַרום זיך גענומען גלייכצייטיג דורכצופיהרען אין לעבען אויך דיזען פונקט, וואָס האָט אַזאַ גרויסען שייכות מיט דעם ארבייטער'ס וואוילזיין.

ווען עס האָט געהערשט דער קריזיס און די יוניאָן איז דורך דעם געוואָרען באַדייטענד אָפּגעשוואַכט, האָבען זיך פילע קלאָוק באַלעבאַטים אָפּט ערלויבט צו פאַרלעצען די ארבייטס־שטונדען, און ביי געוויסע קלאָוקמאַכער האָט זיך ענטוויקעלט אַ געוואוינהייט אַריינצוכאַפּען אַ איבעריגע פאָר שטונדען דורך דער וואָך. מיט דעם אָננעמען פון דעם קאָוד, האָט די יוניאָן זיך אונטערנומען אויסצואָוואָרצלען דיזע שעדליכע געוואוינהייט, אונטער אַלע אומשטענדען, אַזוי אַז די 35־שטונדיגע ארבייטס־וואָך זאָל ווערען אַ פאַקט און ניט בלויז אויפ'ן פּאַפּיר.

צוליב דיזען צוועק האָט דער דזשאָינט באָאַרד איינגעפירט אַ ספּעציעלען קאָנטראָל דעפּאַרטמענט, באַשטעהענד פון אַ גרויסער צאָל אַקטיווע מיטגלידער פון אַלע זיינע אָנגעשלאָסענע לאָקאַלס, כדי אויפצופּאַסען אויף די קלאָוק שעפּער, אַז זיי זאָלען ניט ארבייטען קיין אומגעזעצליכע שטונדען.

די ארבייט אין דיזען דעפּאַרטמענט געהט צו אויף פאָלגענדען אופן:

דער סופּערוויזאָר פון קאָנטראָל דעפּאַרטמענט באַשטימט אַ פּאַטראָל קאָמיטע, מיט אַ טשערמאַן פאַר יעדען בילדינג, וואו עס געפינען זיך קלאָוק שעפּער. די בילדינג קאָמיטעס פון אַלע בילדינגס, פון יעדען באַזונדערען בלאָק שטעלען מיט זיך צוזאַמען די בלאָק קאָמיטע פון דעם באַטרעפענדען בלאָק. די בילדינג טשערליים מיט זייערע קאָמיטעס זיינען, אַן און פאַר זיך, קליינע רינגעלאַך, און זיי אַלע צוזאַמען בילדען איין שטאַרקע קייט אין דעם גרויסען אַפּאַראַט וואָס די יוניאָן האָט געשאַפען אָפּצוהיטען אַז די געזעצליכע ארבייטס־שטונדען זאָלען שטרענג אָפּגעהיט ווערען. דיזע קאָמיטעס באַזוכען אַלע שעפּער איבער וועלכע זיי האָבען דעם אויפזיכט, און וואו זיי טרעפען ארבייטער ארבייטענדיג אומגעזעצליכע שטונדען, שטעלען זיי אָפּ די ארבייט.

דיזער פּאַטראָל סיסטעם האָט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער אַלגעמיינער אינדוסטריע. אַ ריכטיגע אָפּשאַצונג פון דיזער ווירקונג קען מען זיך שאַפען ווען מען קוקט דורך די רעקאָרדס פון דער דזשאָינט באָאַרד גריוועגס קאָמיטע. די ערשטע זאַך וואָס וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגען איז די פאַרהעלטניסמעסיג קליינע צאָהל אַזוינע פאַרלעצונגען וואָס ווערען איצט באַגאַנגען, אין פאַרגלייך

האט אפגעשאצט דעם ווערט פון מאכען א געוויסען גארמענט לויט זייער זעלבסט־אויפפאסונג, און ניט אין איינקלאנג מיט די פאדערונגען פון דעם טרייד.

דיזע לאגע, ווי אויך דער יוניאנס פארבאט צו ארבייטען אויף ניט־געסעטעלטע ארבייט, האבען פאראורזאכט די ארבייטער, אזוי גוט ווי די באלעבאטים, פיעל צייט־פארלוסט. די באלעבאטים האבען געצווינגען די אויפמערקזאמקייט פון אומפארטייאישען טשערמאן צו דער געשאפענער לאגע.

דער אומפארטייאישער טשערמאן, איינזעהענדיג אז די טענות פון די באלעבאטים זיינען ביז א געוויסען גראד בארעכטיגט, האט ער, נאך א רייהע קאנפערענצען מיט אלע פאראינטערעסירטע צדדים, איינגעפירט א לייבאר ביורא אונטער זיין פערזענליכען אויפזיכט, אין איינקלאנג מיט דעם קאלעקטיווען אגרימענט.

די פאראינטערעסירטע צדדים האבען דער ניי־געשאפענער אינסטיטוציע אנגעוויזען דעם וועג אויף וועלכען אנצוגעהן מיט איר ארבייט, נעמליך:

1. זי זאל קלאסיפיצירען און גרופירען אלע קלאסען דזשאבערס און מאנופעקטשורערס לויט די לאינס ארבייט וואס זיי פראדוצירען.

2. זי זאל אויסשטודירען גרינדליך יעדען טיפ גארמענט, פון יעדען ליין ארבייט, און אויסארבייטען א סטאנדארד פון די פארשידענע „באדי גריידס", אויסרעכענענדיג יעדען טייל און יעדען גראד ארבייט וואס פאדערט זיך אויף יעדען גארמענט פון יעדען פאך־ארבייטער, און באשטימען דעם פרייז פאר יעדען טייל ארבייט, לויט דער געברויכטער ארבייטס־צייט. דער פרייז פאר אלע עקסטראס, אויסער דער סטאנדארד באדי, זאל איבערגעלאזט ווערען צו דער אפשאצונג פון די פרייז עקספערטען.

3. זי זאל ענטשיידען אלע סכסוכים איבער די עטאבלירטע גריידס, אדער דעם פרייז פון געוויסע עקסטראס, אין פאל די פרייז עקספערטען קענען זיך אין א געוויסען פאל ניט איינינגען.

אנפאנג לעצטען סיזאן איז די לייבאר ביורא פארטיג געווארען מיט די ערשטע צוויי טיילען פון איר ארבייט. זי האט עטאבלירט 6 באדי גריידס פאר קאוטס, און 4 גריידס פאר סוטס, מיט באשטימטע פרייזען פאר יעדען פאך ארבייט, לויט די אטאבלירטע גריידס. דער אומפארטייאישער טשערמאן האט גוטגעהייסען די קלאסיפיקאציע, ווי אויך די עטאבלירטע פרייזען, און דיזעלבע זיינען נאכדעם ראטיפיצירט געווארען פון דער יוניאן און די באטרעפענדע אסאסיאיישאנס.

כדי צו שאפען מעהר איינהייטליכקייט אין די פרייזען וואס ווערען געסעטעלט מיט יעדען באזונדערען דזשאבער און מאנופעקטשורער, האט די יוניאן איינגעפירט א צענטראלען אדזשאסטמענט דעפארטמענט, צו סעטלען פרייזען פאר דער גאנצער אינדוסטריע. דיזער דעפארטמענט האט איינגעטיילט די פרייז אדזשאסטמערס אין א צאהל גרופען, פארטרעטענדיג יעדען פאך ארבייטער, לויט דעם קלאס ארבייט אין וועלכער זיי זיינען אממערסטען ספעציאליזירט. יעדע אזא גרופע האט געזאלט סעטלען די פרייזען אויף דער לאין ארבייט, לויט דער אנגעוויזענער קלאסיפיקאציע. אזוי ארום האבען מיר געהאפט איינצופירען איינהייטליכקייט אין דעם סעטלען פון פרייזען.

אין דער טעאריע האט עס געקלונגען זעהר שעהן, אבער ווען עס איז געקומען צו דער פראקטיקע, האט די יוניאן זיך אנגעשטויסען ביים סעטלען פרייזען אן נייע שוועריגקייטען. כמעט יעדער מאנופעקטשורער האט פארלאנגט אז זיינע גארמענטס זאלען געסעטעלט ווערען אין בעסערע גריידס ווי די געמאכטע סאמפעלס, זייער טענה איז געווען אז די ארדערס וועלען געמאכט ווערען פון די ביליגערע גריידס און ניט ווי די סאמפעלס זיינען געמאכט. דאס האט געפירט צו נייע קאמפליקאציעס, וואס האבען ווידער פאראורזאכט אן אפהאלט אין דער פראדוקציע, פון וועלכען ביידע צדדים האבען געליטען. עס האט געמוזט געפונען ווערען אן אויסוועג וואס זאל ניט שטערען דעם גאנג פון דער פראדוקציע, און די ארבייטער זאלען דערביי ניט ריזיקירען מיט זייערע פארדינסטען. די פארשטעהער פון דער יוניאן און די אסאסיאיישאנס האבען זיך דאן געאייניגט אויף פאלגענדען צייטווייליגען אראנדזשמענט אלס א פראבע:

„די אדזשאסטערס זאלען אנגעהן מיט די סעטלמענטס אויף דעם באזיס פון די עטאבלירטע גריידס, אין פאל זיי וועלען ניט קענען זיך איינינגען וועגען פעסטשטעלען די גריידס פון געוויסע גארמענטס, זאל די ארבייטער ערלויבט ווערען צו מאכען די באטרעפענדע גארמענטס, און די אדזשאסטערס זאלען דערווייל זוכען צו קומען צו א סעטלמענט. אין פאל זיי וועלען ניט קענען זיך איינינגען אין פארלויף פון א וואך, פון דעם טאג וואס די יוניאן האט ערהאלטען דעם אפיציעלען פארלאנג פון אן אדזשאסטמענט, זאל דער סכסוך איבערגעוויזען ווערען צו דער לייבאר ביורא, וועלכע מוז ארויסגעבען איר ענטשיידונג ניט שפעטער ווי אין פארלויף פון א וואך צייט. אין פאל אזא ענטשיידונג ווערט ניט ארויסגעגעבען אין דער באשטימטער צייט, טארען די ארבייטער ניט אנגעהן ווייטער מיט דיזער ארבייט".

דיזע פארשטענדניש האט געגעבען די ארבייטער די מעגליכקייט אנצוגעהן מיט דער ארבייט, ניט ריזיקירענדיג דערביי מיט זייערע פארדינסטען. עס האט זיך אבער אין א גאנץ קורצער צייט ארויסגעוויזען אז אין א היבשער צאהל שעפער, איבערהויפט קאנטראקטינג שעפער, פארדינען די ארבייטער ניט די שכירות וואס מען האט ערווארטעט לויט די געסעטעלטע פרייזען. אונטערזוכענדיג די אורזאכע דערפון, האבען די פארשטעהער פון דער יוניאן אויסגעפונען אז די באלעבאטים נארען אפ די ארבייטער מיט דעם גראד ארבייט. אנשטאט אויפצומאכען זייערע ארדערס לויט די גריידס וואס זיי האבען אנגעגעבען ביים סעטלען פרייזען, האבען די באלעבאטים געפאדערט פון זייערע ארבייטער דעם העכערען גראד ארבייט, ווי אין די סעמפעלס.

די פארטרעטער פון דער יוניאן וואס קאנטראלירען די שעפער, ניט האבענדיג זיך באטייליגט אין דעם סעטלמענט פון פרייזען, זיינען ניט געווען אימשטאנד צו ענטשיידען אמפלאץ די אמת'ע פאקטען ווי אזוי די גארמענטס זיינען געסעטעלט געווארען, און דארום האט זיך געפאדערט אין יעדען אזעלכען פאל א גרינדליכע אונטערזוכונג. די יוניאן האט זיך דאן ארומגעזעהן אז דער פלאן צו האבען א באזונדערען אדזשאסטמענט דעפארטמענט האט זיך ניט אויסגעארבייט צו גונסטען די ארבייטער, ווייל אנשטאט צו פארלייכטערען די לאגע האט עס גאר געשאפען נייע שוועריגקייטען פאר די ארבייטער. איז די יוניאן געקומען צום שלוס, אז אום צו פארמיידען ווייטערע קאמפליקאציעס, מוזען די פרייזען געסעטעלט ווערען דירעקט דורך די דעפארטמענטס וואס קאנטראלירען און האבען דעם אלגעמיינעם אויפזיכט איבער די שעפער. דאס וועט געבען די יוניאן פארשטעהער די מעגליכקייט צו קענען צו יעדער צייט זיך גענוי ערקונדיגען אויף וועלכע באדינגונגען די אדזשאסטערס האבען געסעטעלט די פרייזען.

קומענדיג צו דיזען שלוס, האט די יוניאן גלייך אויפגעגעבען דעם צענטראלען אדזשאסטמענט דעפארטמענט און איבערגעגעבען דיזע פונקציע צו יעדען דעפארטמענט וואס האט דעם אלגעמיינעם אויפזיכט און קאנטראל איבער די פארשידענע שעפער. אזוי ארום איז איינגעפירט געווארען א טאלק אין דער מעטאדע פון סעטלען פרייזען, לויט וועלכע די פארדינסטען פון די ארבייטער ווערען געשיצט.

## באגרעניצונג פון קאנטראקטארס

וועגען דעם פונקט פון באגרעניצען קאנטראקטארס האט אונזער יוניאן אנגעפירט א שטארקען קאמף, איידער אונזער קאוד איז אנגענומען געווארען. ברודער נאגלער האט דאן ארגומענטירט אז דיזער פונקט איז אזוי ענג פארבונדען מיט דעם פונקט וועגען סעטלען פרייזען, אז מען קען זיי ניט פאנאנדערטיילען. ער האט אנגעוויזען אז אן א באגרעניצונג פון דער צאהל קאנטראקטארס וואס א דזשאבער אדער מאנופעקטשורער איז בארעכטיגט צו באשעפטיגען לויט דער מאס פון זיין פראדוקציע, וועט זיין אונמעגליך אנצוהאלטען אונזערע עטאבלירטע „ווידזש־

# איצטיגער סאלידער באזיס פון דער אוט־אוו־טאון יוניאן

פון הערי וואנדער
(מענעדזשער פון אוט־אוו־טאון דעפארטמענט)

אין דעם באריכט פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד צו דער שיקאגא קאנווענשאן וועט די טעטיגקייט פון אוט־אוו־טאון דעפארטמענט מסתמא דערמאנט ווערען אין פארשיידענע קאפיטלען. ווארים דער דאזיגער דעפארטמענט איז איינער פון די וויכטיגסטע בראנטשעס, וואס די אינטערנעשאנאל נעמט ארום צוליב דער גרויסער מיטגלידער צאהל, ווי אויך צוליב דעם גרויסען שטח, וואס דער דעפארטמענט פארוואלטעט. די מיטגלידערשאפט פון דער אינטערנעשאנאל וועט זיכער זיין פאראינטערעסירט צו לערנען פון די אויפטואונגען פון אוט־אוו טאון דעפארטמענט אין משך פון איין יאהר צייט. בעפאר דעם קאמפיין פון לעצטען זומער האט דער דעפארטמענט פארמאגט ארום אכט הונדערט מיטגלידער, דערפון א זייער קליינעם פראצענט קלאוקמאכער. דרעס־שעפער, וועלכע געפינען זיך אין א זייער גרויסער צאל אין דיזען געגענד זיינען געווען זייער שווער צו ארגאניזירען און אנצוהאלטען. ווען מיר האבען שוין יא אמאל באוויזען צו ארגאניזירען עטליכע דרעס שעפער, זיינען זיי לענגער ווי איין סעזאן ניט געבליבען מיט דער יוניאן. ווען מיר האבען צום נייעם סעזאן באזוכט די דאזיגע שעפער האבען מיר אין די מייסטע פאלען אנגעטראפען א נייעם סעט ארבייטער, באשטעהענד פון יונגע מיידלאך וועלכע האבען מיט אונז מורא געהאט צו ריידען שרעקענדיג זיך אז זיי וועלען דערפאר פארלירען זייערע דזשאבס. אין די דרעס שעפער איז די ארבייטס־צייט פאקטיש געווען אומבאגרעניצט. געארבייט האבען זיי פון שטיק און באקומען האבען זיי א זייער נידעריגען פרייז פאר'ן גארמענט. זיי האבען געמוזט ארבייטען לאנגע שטונדען כדי צו פארדינען כאטש א קלייניגקייט. אין קאנעקטיקוט סטייט זיינען די ארבייטס באדינגונגען געווען באזונדערס שלעכט. אין פילע פאלען האבען דארט די ארבייטער פארדינט 3 דאלאר פאר א פולע וואך ארבייט. ווער געדענקט דען ניט ווי די צייטונגען האבען נאך מיט בלויז איין יאהר צוריק געבראכט די נייעס, דאס ארבייטער האבען פאר א פופציג שטונדיגער ארבייטס־וואך באקומען $1.70 ארבייטס־לוין. נאר די יעניגע, וואס זיינען באקאנט מיט די באדינגונגען וואס האבען דארט געהערשט פאר'ן סטרייק פון 1933 באגרייפען וואס פאר א רעוואלוציע עס איז דארט פארגעקומען און וואס פאר שוועריגקייטען מיר האבען געהאט ביז מיר האבען דיזע שעפער יוניאניזירט און דארט איינגעפירט די איצטיגע ארבייטס־באדינגונגען.

אנגעפאנגען האבען מיר דעם קאמפיין אהן א סענט ביי דער נשמה. די ארגאנייזערס וואס מיר האבען אנגעשטעלט, האבען באקומען א פארשפרעכען צו דערהאלטען 20—30 דאלאר א וואך. אבער אויך דיזע קליינע סומע האבען זיי זייער אונרעגעלמעסיג באקומען. א דאנק פרעזידענט דובינסקי'ס ענטשלאסענקייט האבען מיר באקומען דעם מוט אנצופאנגען און פארטזעצען דעם קאמפיין. דער אנפאנגס־קאמפיין האט געדויערט 7 וואכען. ווען דער גענעראל סטרייק איז דעם 16טען אויגוסט 1933 גערופען געווארען אין דער דרעס אינדוסטרי און מיר האבען געזעהן ווי די ארבייטער זיינען מאסענהאפט ארויס אין סטרייק און האבען אנגעפילט די האלס וואס מיר האבען פאר זיי צוגעגרייט, האבען מיר זיך איבערצייגט אז דער זיג איז א געזיכערטער. ווען דער סטרייק איז געסעטעלט געווארען, איז פאר אונז געשטאנען די פראגע ווי אזוי זאפארט צו ארגאניזירען די 25 טויזענט ארבייטער וואס זיינען צעזייט און צעשפרייט איבער א גרויסען שטח אין לאקאל יוניאנס, און אויסצובעסערען דעם נויטיגען ארגאניזאציאנס און קאנטראל אפאראט, וואס זאל בכח זיין רעגעלמעסיג צו פארוואלטען די נייע לאקאלס און צו געווינען די נייע מיטגלידער מאסע צו יוניאן רולס און באדינגונגען.

דער נויטיגער אפאראט איז אין א גאר קורצער צייט אונטער די שווערסטע אומשטענדען איינגעשטעלט געווארען, און עס איז באמת א פארגעניגען צו זעהן ווי די דאזיגע נייע מיטגלידער פיהרען זייערע געשעפטען.

## מיטגלידערשאפט

אונזער מיטגלידערשאפט איז צעזייט און צעשפרייט איבער א זייער גרויסען שטח, וואס נעמט ארום ניו דזשוירזי, קאנעקטיקוט, אפ־סטייט, ניו יארק, וועסטטשעסטער קאונטי, לאנג איילאנד און סטעטען איילאנד. כדי ווי געהעריג צו קאנטראלירען די שעפער האבען מיר איינגעארדענט 13 יוניאן־אפיסעס:

ניו דזשוירזי — — — — — 6.
קאנעקטיקוט — — — — — 4.
לאנג איילאנד — — — — — 1.
וועסטשעסטער — — — — — 2.

אחוץ דעם האט די ניו יארקער דרעס מאכער דזשאינט באארד עטאבלירט אן אוט־אוו־טאון קאנטאקט דעפארטמענט, וועלכער ווערט פארוואלטעט פון ברודער ישראל האראוויץ. דער דאזיגער דעפארטמענט האט זיך ארויסגעוויזען פאר זייער נוצבאר אין באצוג צו צואיילען די ערלעדיגונג פון קאמפליינטס, וואס קומען אריין אין אונזער דעפארטמענט געגען ניו יארקער דזשאבערס.

מיר האבען גלייכצייטיג אנגעפאנגען א רייכע אינטענסיווע בילדונגס־טעטיגקייט, וואס באשטעהט פון פארזאמלונגען, לעקטשורס און סאציאלע צעשטרייאונגס אונטערנעמונגען. דיזע פאראנשטאלטונגען ווערען ערפאלגרייך באזוכט און געלויבט פון אלע מיטגלידער. עס איז מיין אבסאלוטע איבערצייגונג אז דיזע טעטיגקייט דארף פארטגעזעצט ווערען אין א ברייטערען מאסשטאב כדי אונזער מיטגלידערשאפט צו ערציהען אין אונזער גייסט און זיי באקאנט מאכען מיט די פרינציפען פון טרייד־יוניאניזם און פון דער ארבייטער באוועגונג בכלל.

דער סך הכל איז, דאס וואס אנבאלאנגט דעם אוט־אוו־טאון דעפארטמענט זיינען זיינע דרעס שעפער הונדערט פראצענט ארגאניזירט און אז די ארבייטער אנערקענען מיט דאנקבארקייט וואס די יוניאן האט פאר זיי אויפגעטאן. זיי זיינען גרייט אויף יעדען קרבן צו פארטיידיגען און צו שיצען זייערע אויסגעקעמפטע ארבייטס־באדינגונגען. אין דער קלאוק אינדוסטריע זיינען נאך פארהאן עטליכע ניט יוניאן שעפער אין פארשיידענע ערטער. די ארבייטער אין דער גארמענט אינדוסטריע זיינען לײדער נאך ניט פול ארגאניזירט און מיר גרייטען זיך צו אן אלגעמיינעם קאמפיין אין דער אינדוסטריע ווען די באדינגונגען וועלען זיין פאסיג דערצו.

ווען פרעזידענט דובינסקי'ס רוף צו דער קאנווענשאן איז פארגעלעזען געווארען בעפאר דער לאקאל עקזעקוטיוו באארד אין די אוט־אוו־טאון לאקאלס, האט דארט געהערשט אן אמת'ער יום־טוב גייסט, אונזערע מיטגלידער האבען צום ערשטען מאל דערפיהלט אז זיי זיינען אן אנערקענטער טייל פון אונזער אינטערנעשאנאל. מיר קומען צו דער שיקאגאער קאנווענשאן מיט 73 דעלעגאטען, וואס רעפרעזענטירען 25 לאקאל יוניאנס פון אוט־אוו טאון. איך האב דעם גרעסטען פארטרויען, אז די ערוועהלטע דעלעגאטען וועלען פארטרעטען זייערע לאקאלס מיט אלע זייערע פעהיגקייטען. איך בין אויך זיכער, דאס די קאנווענשאן וועט די נייע דעלעגאציע אויפנעמען מיט ווארימע ברידערליכע געפיהלען און וועט זיי ערמוטיגען צו א מעהר אנגעשטרענגטער ארבייט לטובת דער פארשטארקונג פון זייערע לאקאל יוניאנס.

מיט דער צאָהל ענליכע פאַרלעצונגען וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרען פאַר דעם לעצטען גענעראַל סטאָפּעדזש. דער צווייטער וויכטיגער פּאַקט, וואָס ציהט גרויס אויפמערקזאַמקייט, איז דאָס וואָס אַנשטאָט דער גרויסער צאָהל גאַנצע שעפּער וואָס פלעגען באַגעהן אַזעלכע פאַרלעצונגען, געפינען מיר איצט בלויז איינצעלנע אַרבייטער, דאָ און דאָרט, וועלכע קענען צוליב זייער שוואַכען כאַראַקטער ניט אָפּזאָגען דעם באָס, אָדער פאָרמאַן, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַרבייטען אָן עקסטרא פּערטעל אָדער האַלבע שטונדע, אום צו פאַרענדיגען אַ פּאָר ספּעשעלס. זעלטען ווען מען טרעפט איצט אַ גאַנצען שאַפּ אַרבייטען אומגעזעצליכע אַרבייטס־שטונדען. דאָס באַווייזט דעם גרויסען איינפלוס וואָס די יוניאָן איבט איצט אויס אויף איהרע מיטגלידער, אַ דאַנק דער ענערגישער טעטיגקייט פון אונזער קאָנטראָל דעפּאַרטמענט.

דאָ האָט איהר פאַר זיך אַ בילד פון דעם וויכטיגסטען טייל פון דער טעטיגקייט און ווירקונג פון אונזער פאַרצווייגטען און העכסט קאָמפּליצירטען אַפּאַראַט, וועלכען דער דזשאָינט באָאַרד מוז אָנווענדען אום אָנצוהאַלטען די באַדינגונגען וואָס מיר האָבען ערוואָרבען אונטער דעם קאָוד און קאָלעקטיווען אַגרימענט.

• אום צו פאַרוואַלטען מיט דיזען ריזיגען אַפּאַראַט, וועלכער מוז, צוליב אָרגאַניזאַציאָנס אורזאַכען, צוזאַמענגעשטעלט ווערען פון מענשען וואָס האָבען אַן איינגענעם בליק איבער די פאַרשידענע יוניאָן פראַגען און פּאָליסים און קענען דאַרום ניט האַנדלען ווי אויטאָמאַטען, פאָדערט זיך אַ פּערזאָן מיט אויסערגעוועהנליכע פעהיגקייטען, אַ פעסטען כאַראַקטער און אונערשעפּליכע ענערגיע. עס קען אַמאָל טרעפען אַז ווי שטאַרק און ענערגיש דיזע פּערזאָן זאָל ניט זיין, זאָל דער אַפּאַראַט, צוליב וועלכער ניט איז סיבה, געשעדיגט ווערען אַזוי אַז עס זאָל דערנאָך אויסקומען אונזערע מעמבערס צו ליידען. מען מוז האָבען אין זינען אַז אויסער דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט אַרבייט אונזער יוניאָן איצט אונטער דעם קאָוד, וועלכער איז אַ געזעצליכער אינסטרומענט, געשאַפען פון דער פעדעראַלער רעגירונג. אויפצופאַסען אַז דיזע צוויי אינסטרומענטען, וועלכע דאַרפען פאַרענטפערען די פאַרשידענע פּראָבלעמען אָן וועלכע די אינדוסטריע שטויסט זיך אָן פון צייט צו צייט, זאָלען האַרמאָנירען, און בייקומען די פאַרשידענע טעכנישע ווידערשפּרוכען אין דעם קאָוד מיט דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט, פאָדערט זיך אַ פּערזאָן מיט טיפער איבערלייגונג און אַ קלאָרען קאָפּ צום דענקען.

די גרויסע אויפגאַבע פון אָנצואַווענדען דיזען קאָלאָסאַלען אַפּאַראַט אויף אַזאַ אופן אַז אונזער גרויסע מיטגלידערשאַפט זאָל געניסען דעם פולען בענעפיט פון אונזערע עראַבערונגען אונטער דעם קאָוד און דעם יעצטיגען קאָלעקטיווען אַגרימענט. איז די פונקציע פון דעם גענעראַל מענעדזשער, ברודער נאַגלער, דער יעצטיגער פיהרער פון דעם מעכטיגען דזשאָינט באָאַרד פון דער ניו יאָרקער קלאָוק מאַכער יוניאָן.

מיר ווילען בלויז צוזעצען אַז די שווערסטע אויפגאַבע איז געווען דאָס איינשטעלען און איינאָרדנען דיזען קאָלאָסאַלען אַפּאַראַט און· אוועקשטעלען איהם אויף אַ אַרבייטזאַמען שטיינער. דאָס האָט ברודער נאַגלער דורכגעפיהרט מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט, פאַר וועלכען עס קומט איהם דער פולער קרעדיט.

---

## אַנערקענונגס־רעזאָלוציע

מיר, די פאַרזאַמעלטע אַרבייטער פון דער פּ. נ. ס. גאַרמענט קאָ., 261 בראָדוויי, ברוקלין, מעמבערס פון לאָקאַל 1, האָבען באַשלאָסען צו פּרעזענטירען אונזער שאַפּ־טשערמאַן, ברודער סעם אַראָנאָוויטש, מיט אַ ריסט־וואַטש, און מיר דריקען אויס אונזער דאַנקבאַרקייט פאַר זיין אויפריכטיגער פיהרונג.

די קאָמיטע:

ל. לעווין — לאָקאַל 1, לעדזשער 10,546
דוד שקאָלניק — לאָקאַל 1, לעדזשער 4570.
משה סטיין — לאָקאַל 35, לעדזשער 6398.

## אַנערקענונגס־רעזאָלוציע

מיר, די אַרבייטער פון ליווי, בלום ענד גאָלדסמיטה, 252 וועסט 38טע סטריט, פאַרזאַמעלט ביי אַ שאַפּ־מיטינג דעם 17טען אַפּריל, 1934, האָבען באַשלאָסען צו פּרעזענטירען אונזער שאַפּ־טשערמאַן, ברודער זעיגער, מיט אַ גאָלדענעם ריסט־וואַטש פאַר דער גוטער און איבערגעבענער אַרבייט וואָס ער האָט געטאָן פאַר אונזער שאַפּ.

מיר ווינשען איהם געזונט און גליק און אין פריידען פאַרנוצען די וואַטש. מיר האָפען, אַז אויף ווייטער וועט ער, ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט, האַנדלען פאַר דעם וואויל און בעסטען פון זיינע מיטאַרבייטער אין שאַפּ און אונזער יוניאָן.

שאַפּ קאָמיטע:

דזשאָו רימער, לאָקאַל 35, לעדזשער 2170.
אשר סטיינבערג, לאָקאַל 1, לעדזשער 11352
נייטען סטיין, לאָקאַל 9, לעדזשער 3127
דזשאָו מעראַנץ, לאָקאַל 21, לעדזשער 652.

---

## אַנערקענונגס־רעזאָלוציע

מיר, די פּרעסערס פון דעם דזשאַבער מאָריס נאַגעל, האָבען דער געלעגענהייט פון אַ באַנקעט, וואָס מיר האָבען געהאַט, באַשלאָסען אויסצודריקען אונזער אַנערקענונג צום דיסטריקט מענעדזשער, ברודער סלוצקי, און צו אונזער ביזנעס אייזשענט, מאַקס קאַראָלינסקי, פאַר זייער אונערמידליכער און גוטער אַרבייט, וואָס זיי האָבען געלייסטעט ביז יעצט פאַר די פּרעסערס, וואָס אַרבייטען ביי דיזער פירמע.

מיר ווינשען זיי, אַז זיי זאָלען אויף ווייטער אָנגעהן מיט זייער גוטער אַרבייט פאַר די אַרבייטער און פאַר דער יוניאָן אַלס גאַנצע.

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע: פיליפּ גאָטליב, א. עבעלין, פּ. קאַלינסקי, מ. שוואַרץ, א. סאַנדלער, ה. לעווין, ס. לעווין.

---

## אַנערקענונגס־רעזאָלוציע

מיר, די אַרבייטער פון לואיס קאָהן, 520 8טע עוו., פאַרזאַמעלט ביי אַ שאַפּ־מיטינג אין אָפיס פון דזשאָינט באָאַרד, באַשליסען איינשטימיג אויסצודריקען אונזער אַנערקענונג און דאַנקבאַרקייט צו אונזער ברודער און שאַפּ־טשערמאַן, הערי פריימאַן, פאַר זיין איבערגעבענהייט און פאַר זיין שטעהן אַלעמאָל אויף דער וואַך פאַר די אינטערעסען פון די אַרבייטער פון שאַפּ. גלייכצייטיג פּרעזענטירען מיר איהם מיט אַ ווערטפולער מתנה און ווינשען, אַז ברודער פריימאַן זאָל אויך אויף ווייטער פאָרטזעצען זיין גוטע אַרבייט לטובת די אַרבייטער.

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע:

מ. מעטץ — לאָקאַל 1
דזש. קעב — לאָקאַל 1
דוד באַרא — לאָקאַל 35
ה. אַרקין — לאָקאַל 9.

---

## אַנערקענונגס־רעזאָלוציע

מיר, די אַרבייטער פון מילער מעיד קלאָוק און סוט קאָ., 246 וועסט 38טע סטריט, האָבען ביי אַ שאַפּ־מיטינג באַשלאָסען אויסצודריקען אונזער טיפסטע און האַרציגע אַנערקענונג צו אונזער שאַפּ־טשערמאַן, ברודער סעם וויינפלד, פאַר זיין גוטער אַרבייט פאַר די אינטערעסען פון די בעל־מלאכות אין שאַפּ.

נעמענדיג דאָס אין אַנבאַטראַכט, האָט דער שאַפּ איינשטימיג אויסצודריקען אונזער אַנערקענונג צו ברודער וויינפעלד דורך פּרעזענטירען איהם מיט אַ ריסט־וואַטש. מיר ווינשען איהם, ער זאָל עס טראָגען געזונטערהייט.

די קאָמיטע: לואי־פלאַשבערג, עבי פעסין, סעם גערמאַלניק, לינא הווירשקאָוויץ, פיליפּ רומענץ, נאַדעל קאַרפּ.

## סאן אנטאניא

אין אט דער שטאט זיינען פאראן זעקס הונדערט ארבייטער, וואס זיינען באשעפטיגט אין דער גאנצער סילק און קאטען דרעס אינדוסטריע און זיי ארבייטען אין 9 שעפער. פון די זעקס הונדערט ארבייטער באלאנגען בלויז 60 ארבייטער צו דער יוניאן. דער גרעסטער טייל ארבייטער זיינען פון מעקסיקאנישער אפשטאמונג. די ערשטע און צווייטע גענעראציע אמעריקאנער געבוירענע רידען זייער שוואך ענגליש. ווען איך האב אדרעסירט א מיטינג פון דיזע דרעסמאכער, גערופען פון אונזער לאקאל יוניאן 180, צו וועלכען עס זיינען געקומען 150 מענשען, האב איך זיך געמוזט באנוצען מיט אן איבערזעצער. סאן אנטאניא איז די איינציגע שטאט וואס האט נאך א סיסטעם פון היים־ארבייט. 5 אדער 6 אפערייטארס נעמען זיך צוזאמען און נעמען א היים ארבייט, וואו זיי ארבייטען אויף זייערע אייגענע עלעקטרישע מאשינקעס. די ארבייט ווערט צוגעשניטען אין די שעפער. די פארדינסטען זיינען באדויערנסווערטע, די פארשריפטען פון קאוד ווערען אינגאנצען איגנארירט.

די סאן אנטאניא פעדערעישאן אוו לייבאר איז א פיינע ארגאניזאציע, און זי האט פארטיידיגט די אינטערעסען פון די ארבייטער דורך פארבעסערונג פון זייערע ווייזשעס. די ארבייטער זיינען א גוטער עלעמענט צו יוניאניזירען און אויב זיי וועלען באגעגנט ווערען פון אן אייגענעם, צו וועלכען זיי קענען האבען צוטרויען, וועט מען זיי זיבער קענען ארגאניזירען.

אונזער לאקאל פארטרעטער, מיס עמילי דזשארדאן, געניסט דעם פולען צוטרויען און פארטיידיגט די אינטערעסען פון די ארבייטער, באזונדערס פון די מעקסיקאנער ארבייטער אויף דעם בעסטען אופן. אויב עס וואלט מעגלאך געווען אזוי צו אראנזשירען אז מיס דזשארדאן זאל קענען ווידמען די העלפט פון איהר ארבייטס־צייט דעם לאקאל, בין איך זיכער אז זי וואלט געקענט ארגאניזירען די ארבייטער אין טרייד. פארשטעהט זיך אז ביי אזעלכע אומשטענדען האט אונזער יוניאן קיינע קאנטראלירונגס־מעגלאכקייטען איבער די שעפער. איך האב באזוכט מאנכע שעפער אין פריוואטע היימען און האב הארט געפונען זייער טרויעריגע ארבייטס־באדינגונגען. לויט מיין מיינונג, איז דאס איינע פון די שטעט אין דער סאוט וואס מען וואלט געקענט זייער לייכט ארגאניזירען.

## דאלאס, טעקסאס

דאלאס האט מעהר ווי צוויי טויזענט באשעפטיגטע ארבייטער אין דער סילק און קאטען דרעס אינדוסטריע, וועלכע ארבייטען אין 19 שעפער. צוויי פון דיזע שעפער באשעפטיגען 400 ארבייטער, וועלכע זיינען איינגעטיילט אין באזונדערע סילק און קאטען דרעס דעפארטמענטס.

די לאקאלע פעדערעישאן האט ניט געמאכט דעם קלענסטען פארזוך צו ארגאניזירען די ארבייטער. איך האב אפילו א שטארקען פארדאכט אז זיי האבען די ארבייטער ענטמוטיגט זיך צו ארגאניזירען. דער סעקרעטער האט אויף מיר געמאכט דעם איינדרוק אז ער איז א מענש אין וועלכען מען קען האבען זייער ווייניג פארטרויען. איך וויל אויך דערמאנען אז אין דאלאס געפינט זיך דער גענעראל שטאב פון דער נאציאנאלער אפען־שאפ אסאסיאיישאן, וועלכע איז באקאנט אלס די „אמעריקען פלאן אסאסיאיישאן".

אין דאלאס, ווי אין סאן אנטאניא, זיינען די ארבייטער, וואס ארבייטען אין דער דרעס אינדוסטריע מייסטענס אמעריקאנער. די 35 דרעס מאכער, מיט וועלכע איך האב געהאט א מיטינג, האבען מיר פארזיכערט, דאס די ארבייטער זיינען זייער וויליג זיך צו ארגאניזירען, און אלץ וואס דארף געטאן ווערען, איז אז מען זאל אהינשיקען א גוט ערפארענעם ארגאנייזער אויף עטליכע וואכען צייט. די באלמאלאכעס מיט וועלכע איך האב זיך געטראפען, זיינען אנטשלאסענע יאטען.

די מענשען וואס שטעלען צוזאמען אונזער לאקאל יוניאן 121 אין דאלאס, ריזיקירען פאקטיש מיט זייערע דזשאבס אין די שעפער. די באלעבאטים סטראשען זיי כסדר אז זיי וועלען פארלירען דעם דזשאב אויב זיי וועלען עטוואס האבען צו טאן מיט דער יוניאן. ווען איך האב זיי טעלעגראפירט אז איך קום, זיינען זיי געגאנגען צו די ארבייטער אין די שעפער און אין זייערע היימען און האבען זיי אגיטירט פאר'ן מיטינג, וואס איך האב אפגעהאלטען גלייך נאך מיין קומען קיין דאלאס. ווי איך האב שוין דערמאנט, האב איך, טראץ מיין באמיהונג, ניט באקומען קיין שום הילף פון דער לאקאלער פעדערעישאן אוו לייבאר. דאס ביסעלע אינפארמאציע האב איך באקומען דירעקט פאר די ארבייטער. איך האב אויך באזוכט עטליכע שעפער. ווען די באלעבאטים האבען זיך דערוואוסט ווער איך בין און צו וועלכען צוועק איך בין געקומען, האב איך פון זייער פארהאלטען זיך באקומען דעם איינדרוק, אז זיי האבען פאר מיר א געוויסען רעספעקט, אונז אז זיי שרעקען זיך פאר אונזער יוניאן. צוויי באלעבאטים פון דער קארס מאנופעקטשורערס קאמפאניע, און פון דער בערלי און לאני קאמפאניע, האבען זיך צו מיר געווענדט מיט די פאלגענדע ווערטער:

„איך בעט אייך, אויב איהר האט אין זינען צו קומען קיין דאלאס צו ארגאניזירען א יוניאן, טא באאיינפלוסט ניט די ארבייטער אז זיי זאלען בעטען צופיל, ווארים די קלימאטישע באדינגונגען דערלויבען זיי ניט צו פראדוצירען אזוי פיל ווי עס פראדוצירט אן ארבייטער אין ניו יארק.

איך באדויער שטארק, וואס די צייט האט מיר ניט ערלויבט אין מעמפיס צו מאכען א גרינדליכע אונטערזוכונג. איך האב בלויז געהאט דריי שעה צייט. איך האב געמאכט א פארזוך צו קומען אין בארירונג מיט מר. קאהען, דעם פרעזידענט פון דער דארטיגער „צענטראל טרייד און לעיבאר קאונסיל", אבער איך האב איהם ניט געקענט דערגרייכען. אין דאלאס האט מען מיר דערצעהלט אז אין מעמפיס געפינען זיך צווישען אכט הונדערט און טויזענט דרעס מאכער.

## סך הכל

איך בין זעהר צופרידען וואס איך קען באשטעטיגען דאס אין קיינע פון די דאזיגע שטעט האט מיר ניט ארויסגעוויזען קיין שום פיינטשאפט צוליב מיין נאציאנאלער צוגעהעריגקייט. איך האב מיין נאציאנאליטעט ספעציעל אונטערשטראכען איבעראל וואו איך האב זיך באגעגענט מיט באאמטע פון דער פעדערעישאן און מיט פארשטעהער פון דער שטאטישער פארוואלטונג, ווייל איך האב געוואלט זעהן וואס פאר אן איינדרוק דאס וועט אויף זיי מאכען. אלע האבען מיר אבער ארויסגעוויזען די אייגענארטיגע סאוטהערן גאסטפריינדליכקייט.

זיי אלע שיינען געווי באקאנט צו זיין מיט דער עקזיסטענץ, קראפט און איינפלוס, וואס אונזער ארגאניזאציע פארמאגט. די „לידיס גארמענט װאירקערס", ווי זיי רופען אונז — זאגען זיי — זיינען א פיינע מיליטאנטע יוניאן. פאר זיי זיינען מיר דער אויסדרוק פון רעוואלוציאנערען טרייד־יוניאניזם און עס איז איבערראשענד, ווי ווייט זיי זיינען באקאנט מיט אונזער ווירקונג און קאמף אין ניו יארק און אין אנדערע מארקעטס. איך וואלט געוואלט פעסטשטעלען, אז די ארבייטער אין דער סאוט פון די שטעט וועלכע איך האב באזוכט, זיינען ניט אזוי פראדוקטיוו ווי די ארבייטער אין דער איסט אדער נארד. אורזאכען זיינען פאראן גענוג. נאטירליך שפילט דער קלימאט אויך א וויכטיגע ראלע. אין די מייסטע פאלען זיינען זיי ניט פון דעם טיפ ארבייטער אין דער נארט, וואס זיינען אינגאנצען אפהענגיג פון זייער אייגענעם פארדינסט. די מייסטע ארבייטער פון אט די שטעט זיינען פארהייראטע פרויען, וואס העלפען ארויס די מענער אין פרנסה. מיינע אינפארמאציעס האבען מיך איבערצייגט אז די מייסטע אויסגעארבייטע סחורות ווערען פארקויפט אין דער סאוט און סאוט־וועסט און אז בלויז א קליינער טייל גייט אין דער נארט אדער איסט. אין קיין שום שטאט איז די דרעס אינדוסטריע אלט. די מייסטע שעפער זיינען ענטשטאנען אין די לעצטע 10 אדער צוועלף יאהר. די גרעסטע צאהל באלעבאטים זיינען אידען. די ארבייטער

# ארבייטס־באדינגונגען אין דער סאוט

פון לואיס סטאלבערג

מיט עטליכע וואכען צוריק האט פרעזידענט דובינסקי מיך באאויפטראגט צו באזוכען עטליכע שטעט אין דער סאוט, מיט'ן צוועק צו אונטערזוכען די ארגאניזאציאנעלע און אינדוסטריעלע באדינגונגען אין דארטיגען געגענט.

איך האב באזוכט אטלאנטא, ניו ארלינס, דאלאס און סאן־אנטאניא. דעם ערשטען סטאפ האב איך געמאכט אין אטלאנטא. דארט האב איך געפונען א דרעס אינדוסטריע אין וועלכער עס ארבייטען טויזענט באלמאלאכעס. די טויזענט ארבייטער זיינען צוטיילט אין 15 שעפער. די אינדוסטריע איז איינגעטיילט אויפ'ן פאלגענדען אופן: 40 פראצענט אדער אומגעפער 400 ארבייטער ארבייטען אין דער סילק דרעס אינדוסטריע און אין 9 שעפער 60 פראצענט אדער 600 ארבייטער אין זעקס דרעס שעפער. פון די טויזענט ארבייטער זיינען זעקס הונדערט ארגאניזירט אין לאקאל 122 פון אונזער אינטערנעשאנאל. 360 מיטגלידער זיינען סילק דרעס מאכער און דער רעסט ארבייט אין קאטען דרעס שעפער. פון די 9 סילק דרעס שעפער זיינען 8 ארגאניזירט און האבען א קאלעקטיווען אגרימענט מיט דער יוניאן. מיט דעם שאפ פיהרט איצט די יוניאן אונטערהאנדלונגען און איך גלויב אז אין דער גאר נאענטער צוקונפט וועט אויך ריזער שאפ זיין ארגאניזירט. פון די זעקס קאטען דרעס שעפער זיינען דריי ארגאניזירט. מיט די איבעריגע דריי פארהאנדעלט די יוניאן און האט אן אויסזיכט מיט זיי צו דערגרייכען א קאלעקטיווען אגרימענט.

אין אטלאנטא האב איך געפונען אן אייגענארטיגע סיטואציע. דארט זיינען פאראן 90 פרויען פרעסערס. אלע זיינען שווארצע, וואס ארבייטען אין די יוניאן דרעס שעפער פון אטלאנטא. צוליב דעם פארורטייל, וואס ערשט אין דער סאוטה צווישען דער ווייסער באפעלקערונג, האבען די ווייסע מיטגלידער פון לאקאל 122 ניט געוואלט דערלויבען אז די ניגערס זאלען אנגענומען ווערען אלס מיטגלידער אין לאקאל 122. נאכדעם ווי איך האב געהאט א מיטינג מיט דער עקזעקוטיוו באארד פון לאקאל און האב אדרעסירט א מאסען־מיטינג פון 500 דרעס מאכער, איז מיר ענדליך געלונגען זיי צו באאיינפלוסען אז זיי זאלען צושטימען צו גרינדען א סעפעראטען לאקאל פאר ניגער ארבייטער. די ווייסע ארבייטער האבען זיך פשוט אפגעזאגט צו זיצען מיט זיי ביי די בעראטונגען פון דער לאקאל עקזעקוטיוו באארד. מר. עווענס, און דער גרינדער פון דארטיגען לאקאל וועט אין די נעקסטע צוויי וואכען מאכען אן אפליקאציע פון א באזונדערען לאקאל.

עס איז וויכטיג צו באמערקען, אז אחוץ די ניגער פרעסערס זיינען אלע ארבייטער אין טרייד אמעריקאנער. בלויז צוויי אידישע דרעס מאכער געפינען זיך אין דער גאנצער שטאט. דאס איז צום ערשטען מאל וואס דיזע מענשען באלאנגען צו א יוניאן און זיי זיינען א זייער גוטער ארגאניזאציאנס־מאטעריאל.

דער ארבייטס־לוין אין די דרעס שעפער איז צווישען 12 און 23 דאלאר א וואך. אין א סך פעלע זיינען די ווידזשעס געשטיגען אזוי הויך ווי דריי הונדערט פראצענט. דער קאוד ווערט איין אלגעמיין אינפארסד פון דעם דיסטריקט ,לייבאר באארד אין אטלאנטא.

ברודער עווענס, דער טשערמאן פון לאקאל און ה. ראס רזשאנס זיינען געווען די איניציאטארען פון לאקאל און א דאנק דער קאאפעראציע פון דער אטלאנטא פעדערײשאן או טריידס, איז אונז געלונגען דארט צו גרינדען א דרעס מאכער יוניאן. די מיטגלידער פון לאקאל 122 נעמען די יוניאן זייער ערנסט און א דאנק אט דעם ערנסט וועט מסתמא מעגליך זיין דעם גאנצען דרעס טרייד פון אטלאנטא צו ארגאניזירען. ביי דער שיקאגאער קאנווענשאן וועט לאקאל 122 זיין פארטראטען דורך צוויי דעלעגאטען.

## ניו ארלינס.

פון אטלאנטא בין איך אריינגעפאהרען אין ניו ארלינס. דארט האב איך אנגעטראפען 350 ארבייטער וואס ארבייטען אין שעפער. זיי קענען אויף פאלגענדען אופן קלאסיפיצירט ווערען:

3 שעפער מיט 150 קאטען און טשילדרענס קאטען דרעס ארבייטער; איין שאפ מיט 150 סילק לידיס אנדערוועער ארבייטער און די איבעריגע פופציג באלמאלאכעס ארבייטען אין א האי קלאס קאסטאם דרעס שאפ. די ארבייטס באדינגונגען פון אט די ארבייטער זיינען פשוט אונערטרעגלאך. זייערע ארבייטס־שטונדען זיינען מעהר ווייניגער אין איינקלאנג מיט דעם קאוד. זייער ארבייטס־לוין איז אבער אין מאנכע פאלען אזוי קליין ווי זעקס דאלאר א וואך. די באלעבאטים דרעהען זיך ארויס פון די קאוד באדינגונגען דורך פארשידענע טריקס און מאניפולאציעס.

די מייסטע ארבייטער זיינען אן אלטער פראנצויזיש־קאנאדישער עלעמענט, אין ניו ארלינס זיינען זיי מייסטענס באקאנט אלס די „ארקאדיער”. זיי זיינען א זעהר אומבאוואוסטזיניגער און צוריקגעשטאנענער עלעמענט און פאלגליך ניט זייער לייכט צו ארגאניזירען. פונדעסטוועגען, גלויב איך, אז עס וואלט געווען מעגלאך עטוואס פאר זיי צו טאן, ווען איינער פון זיי וואלט פאראינטערעסירט געווארען אין אונזער יוניאן אקטיוויטעט. צום באדויערען האט עס די צייט מיר ניט ערלויבט נעגינענד זיך צו באמיהען און אויסצוגעפינען אזא מענשען.

מר. וויליאם ל. דאנעלס, דער רעדאקטאר פון „ניו ארלינס פעדערײשאניסט”, האט מיר אבער פארשפראכען זיך צו פאראינטערעסירען צי עס איז ניט מעגליך דארט צו גרינדען א לאקאל יוניאן פון דער אינטערנעשאנאל. איך וויל בלויז דערמאנען אז ברודער דואנעלס איז פריהער געווען פארבונדען מיט דער קאר פעינטערס יוניאן און איז זייער באליבט צווישען די ארבייטער אין ניו ארלינס. אויב עס איז נאר מעגליך עטוואס אויפצוטאן אין ניו ארלינס, איז ער זיכער אימשטאנד צו געבען די נויטיגע קאאפעראציע.

די קאמוניסטען באמיהען זיך דארט צו ארגאניזירען די דרעס מאכער, אבער מיט א גיישטיגען ,ערפאלג.

## יוסטאן

איך האב, לײדער, געהאט ווייניג צייט צו פארברענגען אין יוסטאן, אבער, וואס איך האב געדארפט אויסגעפינען האבען זיך דערוואוסט. עס זיינען דארט פאראן 2 קאטען דרעס שעפער, אין וועלכע עס ארבייטען 400 ארבייטער. עס איז מיר געווען אוממעגלאך צו מאכען א קאנטאקט מיט די ארבייטער אין די שעפער. איך האב אבער באזוכט דעם ארטיגען אפיס פון דער לאקאלער פעדערײשאן או לײבאר. די פארוואלטער האבען אבער אויף מיר ניט געמאכט א פארלעסליכען איינדרוק. עס שיינט אז דער טרייד־יוניאניזם אינטערעסירט זיי אויף אזוי פיל וויפיל א נייע ארגאניזאציע קען אריינברייננען אין סענטען און דאלארען. אויף יעדען פאל איז יוסטאן ניט קיין זייער וויכטיגער פונקט אין דער דרעס אינדוסטריע פון דער סאוט.

אזוי האָב איך און נאָך עטליכע אינגלאַך אין שאָפּ געלערנט פליסיג. געניים שנעל 13 לאַנגע שטונדען א טאָג. און פאַר וואָס? פאַר קלעגליכע עטליכע דאָלער א וואָך. דער באַלעבאָס פון שאָפּ האָט מיין רבי'ן עקספּלואַטירט און מיין רבי האָט דאָס זעלבע מיט מיר געטאָן.

איך דערמאָן זיך אָן מיין ערשטען דזשאָב, ווען איך בין ארויף אויף אייגענע קעסט אלס א זעלבסטשטענדיגער אָפּערייטאָר. אין א גרויסען שאָפּ דאַון טאַון האָב איך ניט געקענט אָנקומען. מען האָט געדאַרפט צופיל באַדינען דעם פאָרמאַן און דאָס איז אפילו אין מיין אינגעלשע נאַטור אויך ניט געלעגען. דעם דזשאָב וואָס איך האָב יא געקראָגען, איז געוועזן אין דער געגענט וואו מיר האָבען געוואוינט, אויף דער 13טער סטריט, אויפ'ן 2טען פלאָר, אין א הינטערשטע הייזקע. נאָך דעם ווי איך האָב פאַרטיג געמאַכט דעם ערשטען גאַרמענט און דער באַלעבאָס האָט געלייגט דעם פּיטשאָט, אז עס איז גוט, האָט ער מיר געגעבען גאַנצע זעקס קאָפּאָטעס אין איין שניט. איך געדענק נאָך דעם קאָוט גאַנץ גוט. דאָס איז געוועזן פאַר סירס און ראָבעק ענד קאָ., א לאַנגער, טייט־פיטעט קאָוט מיט עטליכע גאָרס אין דער פּלייצע. יעדער סים איז געוועזן געשטעפּט. מיינע שכנים, וועלכע זיינען געזעסען לעבען מיר, האָבען אויך געניים די זעלבע סטייל, און אז איך האָב ביי איינעם פון זיי עפּעס געפרעגט, האָט ער מיט כעס א בורטשע געטאָן „קוק אויפ'ן סעמפּעל”.

דאָס ערשטע האָב איך זיך גענומען פאַרטיג צו מאַכען די פּלייצעס פון די קאָוטס, ווייל איך האָב דאָס באַטראַכט אלס דעם שווערסטען טייל פון די גאַרמענטס. פאַרטיג געמאַכט אלע זעקס פּלייצעס האָב איך זיי אוועקגעלייגט אויפ'ן פלאָר, וואו עס איז געוועזן אויסגעשפּרייט א פּאַפּיר. קיין אָפּערייטאָר באָקס האָט מען מיר ניט געגעבען. דערנאָך, ווען איך האָב נאָך שווערע עטליכע שטונדען ארבייט פאַרטיג געמאַכט די אלע אַנדערע טיילען און זיך געוואָלט נעמען צום צוזאַמענשטעלען די קאָוטס און גענומען זוכען די פאַרטיגע פּלייצעס, ערשט איך זעה אז אַנשטאָט צוזאַמענגענייטע פּלייצעס ליגען צוואָרפען אויף דעם פלאָר רויע טיילען, וועלכע מען דאַרף נאָך ערשט אָנפאַנגען מאַכען. איך בין געבליבען זיצען ניט וויסענדיג וואָס דאָ טוט זיך מיט מיר. אָבער לאַנג טראַכטען האָב איך ניט געדאַרפט. די אָפּערייטאָרס האָבען אויסגעשאָסען א ווילדען געלעכטער און איך האָב גלייך איינגעזעהן אז מיין בייזער שכן, וואָס האָט מיר געהייסען קוקען אויפ'ן סעמפּעל, און וועלכער האָט גענייט די זעלבע סיין, קאָליר און סטייל, האָט מיר אונטערגעוואָרפען זיינע רויע ארבייט און זיך צוגענומען מיינע פאַרטיגע. און אליין איז ער זיך געזעסען און געריבען און זיך איבערגעוואָרפען מיט ווערטער צו די אַנדערע אָפּערייטאָרס, מיינענדיג מיך: וואָס זוכט ער דאָרטען, וואָס? אז מען נייט ניט איז אָפּען!

איך האָב מיט אַנגסט פאַרטיג געמאַכט די זעקס קאָפּאָטעס און געזאָגט דעם באַלעבאָס אז איך פּאַק איין און וויל באַצאָלט. „פּעידע איז נעקסטע וואָך,” איז געוועזן דער ענטפער. נעקסטע וואָך האָב איך באַקומען גאַנצע דריי דאָלער פאַר מיין ארבייט פון זעקס קאָוטס מיט צוועלף פּלייצעס. דער באַלעבאָס איז נאָך איצטער אויך אין ביזנעס דאַון טאַון. ער געדענקט די מעשה זייער גוט, אָבער דעם אָפּערייטאָר האָב איך קיין מאָל ניט געזען מער. ער האָט געניים צו שנעל אַפּנים, ער האָט שוין זיין חלק פאָדים אויסגעניים.

אַזעלכע געשיכטעס און טויזענדער ענליכע און נאָך פיל ערגערע זיינען פאָרגעקומען ווען קיין יוניאָן איז ניט געוועזן. שלעכט איז געוועזן דער באַלעבאָס צו די ארבייטער. אומפריינדליך צוריסען צווישען זיך זיינען געוועזן די ארבייטער און וואָס מער מעהר צוריסען זיי זיינען געוועזן צווישען זיך אלץ ערגער איז זייער לאַגע געוועזן ביז זיי האָבען איינגעזעהן אז אזוי קען דאָס ניט אָנגיין און זיי האָבען זיך פאַראייניגט אין א יוניאָן. היינט, אז איך מאַך א פאַרגלייך פון אמאָל ביז היינט, גלויבט זיך קוים אז אזעלכע גרויסמאַטען האָבען פּאַסירט. אמת, די קלאָוק און דרעס מאַכער און אלע אַנדערע מיטגלידער פון אונזערע יוניאָנס זיינען קיין מיליאָנערען ניט געוואָרען, אָבער שלעפּען מאַשינען אויף די אַקסלען און שלאָפען אין שאָפּ מיט די ראַצען איז א זאַך פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. און ווען מען נעמט גוט אריין אין געדאַנק דעם פאַקט אז די איצטיגע קאָנדיציאָנען, ווי 55 שטונדען א וואָך און ווי עס איז אַנשטענדיגע פאַרדינסטען און די זעלבסט־ווירדע וואָס מיר האָבען איצטער אלס ארבייטער איז ניט געקומען דורך א געזעץ וואָס עס איז געמאַכט געוואָרען אין וואַשינגטאָן. נאָר דורך שווערע ארבייט, דורך פיל קרבנות וועלכע עס זיינען געבראַכט געוואָרען פון אונזערע פּיאָנערען פון דער אינטערנעשאָנעל. יעם א שווערע ארבייט וואָס דויערט שוין 35 יאָהר און איז נאָך ניט פאַרענדיגט. ווער ווייס צי די איצטיגע יונגע און נייע מיטגלידער, וועלכע קומען אריין אין אירגענד וועלכע פון אונזערע אינדוסטריעס און געפינען אלץ פאַרטיג קענען אָפּשאַצען דעם אויפבוי פון דער אינטערנעשאָנעל. אָבער פאַר די, וועלכע דער סוועט שאָפּ ליגט נאָך אין די ביינער, אָה, זיי ווייסען ווי שווער עס איז געוועזן דער וועג, וויפיל מיה און ענערגיע עס האָט גענומען דורך צוברעכען די ווענט פון די פינסטערע שקלאַווען שעפּער אום עס זאָל דאָרטען אריינדרינגען אביסעל זון־שיין. דעריבער איז גאָר קיין וואונדער ניט וואָס די קאָנווענשאָן האָט אריינגעבראַכט אזא יום טוב גייסט.

לאַנג לעבען זאָל אונזער אינטערנעשאָנעל! לאַנג זאָל לעבען די גאַנצע ארבייטער באַוועגונג פון גאָר דער וועלט, וועלכע מאַכט פון שקלאַפען פרייע זעלבסטשטענדיגע מענשען, וועלכע ברענגען אריין אין די היימען פון די ארבייטער מער ליכט, מעהר זיכערקייט, מעהר האָפענונג פאַר א בעסערע און שענערע צוקונפט.

אין נאָמען פון אונזער דזשאָינט באָאַרד און אונזערע מיטגלידער און אין נאָמען פון דער אַראַנדזשמענטס קאָמיטע גריס איך די דעלעגאַטען און זאָג זיי ווילקאָמען.

גרויס האָפענונג ליגען אויף אייך הונדערטער טויזענדער מענשען. גרויס פאַראַנטוואָרטליכקייט ליגט אויף אייך. איהר זיינט אָבער בכח אייער פאַראַנטוואָרטלאַכקייט צו טראָגען ווייל אמת און איינינקייט מוז זיגען און מוז פירען צו א שענערע און בעסערע וועלט.

פון אונזערע טיפע הערצער ווינשען מיר אייך גליק־

---

## אַנערקענונגס־רעזאָלוציע

מיר, די ארבייטער פון ל. מאַגידאָף און קוזעל, ביי א שאָפּ־מיטינג געהאַלטען אין אָפיס פון דזשאָינט באָאַרד, באַשליסען אויסצודריקען אונזער טיפסטע און הערצינסטע אַנערקענונג צו אונזער שאָפּ־טשערמאַן, ברודער סעם קאָהן, פאַר זיין אונערמידליכער ארבייט פאַר די אינטערעסען פון די בעלי־מלאָכות אין שאָפּ.

בר. קאָהן האָט ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען מיט טאַטען איבערצייגט, אז ער איז איבערגעגעבען די אינטערעסען פון די ארבייטער. דעריבער פּרעזענטירען מיר איהם מיט א שעהנער ריסט־וואָטש אלס אונזער אַנערקענונג צו איהם.

אין דער זעלבער צייט דריקט אונזער שאָפּ אויס א דאַנק צו אונזער פאָריגען ביזנעס אידזשענט ברודער לואי גאָלדשטיין און צו דעם איצטיגען ביזנעס־אידזשענט בר. מ. פיינבערג. א דאַנק זייער הילף און איבערגעגעבענער ארבייט, איז אונזער שאָפּ אַן אמתער יוניאָן־שאָפּ אין פולען זין פון וואָרט.

רעזאָלוציאָנס קאָמיטע:

ל. קאָהן — לאָקאַל 1
סעם גאָלדאָפסקי — לאָקאַל 1
מאַנהיים — לאָקאַל 9
פאַקלער — לאָקאַל 9
י. זאַלקין — לאָקאַל 9
ה. פריינק — לאָקאַל 35
אבראַמאָוויטש — לאָקאַל 35

# זייט ווילקאמען, דעלעגאטען, צו דער א. ל. ג. וו. יוניאן קאנווענשאן אין שיקאגא

## פון וויס־פרעזידענט מאריס ביאלים.

וואס עס גייט אוועק א טאג אלץ מער דערפיהלט זיך אז די קאנווענשאן פון אונזער אינטערנעשאנעל וועט טאקע זיין דא ביי אונז אין שיקאגא.

איך רייד ניט חס ושלום פון דעם קאמפיין און די פאליטיק וואס אונזערע מעמבערס פון אלע לאקאלען פיהרען אן, וויל מישטיינס געזאגט, ווי איז דאס עפעס אן עלעקשאן אהן א קאמפיין, און איבערהויפט אן עלעקשאן פאר דעלעגאטען צו א קאנווענשאן. און וואלט די קאנווענשאן געווען אין אן אנדער שטאט, וואלט דאך נאך געווען א גרעסערער קאמפיין־טומעל, כאטש אזוי איז אויך ניט צו פארזינדיגען.

אלזא, ווי איהר זעהט, אורטייל איך דא דעם קאנווענשאן גייסט ניט פון דעם שטאנדפונקט פון קאמפיין, נאר גלאט אזוי פון דעם יום־טוב'דיגען גייסט וואס הערשט דא ביי אונזער אראנדזשמענטס קאמיטע און ביי אונזערע מיטגלידער אין אלגעמיין. עפעס זיינען אלע ארומגעכאפט געווארען מיט דער קאנווענשאן. אט האט זיך אנגעהויבען א מעשה מיט נעמען פאטאגראפיעס. ערשטענס האט די שיקאגא'ר דזשאינט־באארד געלאזט פאטאגראפירען זיך אליין, און מיר האבען טאקע אויסגענוצט די געלעגענהייט, וואס פרעזידענט דובינסקי איז געווען אין שטאט און מיר האבען אים אויך געמאכט צו לידען א פאר מינוט טויט־שרעק פאר דער קאמערא. נאכהער האט די אראנדזשמענטס קאמיטע זיך געלאזט פאטאגראפירען, און אויפ'ן אווענד ווען די עקזעקוטיווע פון לאקאל 100 האט געהאלטען איהר רעגעלען מיטינג האט דער פאטאגראפער גענומען א פאטאגראפיע פון דער עקזעקוטיוו באארד און צום ערשטען שאס מיט די פלעשלייטס האט ער אויסגעבלאזען אלע פיוזעס און מען איז געבליבען אין דער פינסטער. מיט דעם האט זיך די זאך נאך ניט געענדיגט. נאך אן עקזעקוטיווע האט זיך פאטאגראפירט, און מסתמא וועלען זיך די אנדערע עקזעקוטיוועס אויך פאטאגראפירען און גאר צום לעצט, זאגט מען אונז צו א מאווינג פיקטשור ביי דער ערעפענונג פון דער קאנווענשאן. אויסער די פאטאגראפיעס איז מען פאר עטליכע וואכען געווען פארנומען מיט געפינען א פאסיגען זאל פאר דער קאנווענשאן. עטליכע מאל א טאג איז געקומען צו לויפען אן אנדער מעמבער מיט אן אנזאג וועגען א זאל. איינער האט געוואלט אז דער זאל זאל זיין שיין, דער צווייטער האט געוואלט אז דער זאל זאל זיין גרויס, דער דריטער האט געוואלט א סך פענסטער און א פערטער האט גראד געוואלט אז עס זאל זיין אויף א שיינעם בולוואר, און מיר אלע האבען געוואלט אז דער זאל זאל זיין אי גרויס, אי שיין, און מיט פענסטער, און טאקע אויף א בולוואר. און מיר האבען אויסגעפירט.

אויסער דעם אלעם רוישט דא גלאט ווי אין א בינשטאק, און אלץ מיט דער קאנווענשאן.

פריער האט מען גערעדט וועגען א פאראד צו דעם ערעפענונגס טאג. איצטער רעדט מען שוין וואו מען זאל מארטשען, אויף וועלכער גאס. היינט מוזיק! פרעגט שוין ניט, וואס מיר האבען זיך אנגעהערט וועגען מוזיק. איך האב זיך קיין מאל ניט פארגעשטעלט אז אונזערע מיטגלידער וויסען אזוי די אלע פיטשעווקעס וועגען מוזיק, מיט אלע איינצעלהייטען וועגען א בענד און אן ארקעסטער. אונזערער א מעמבער, א לץ, זאגט אפילו, אז דער אונטערשיד ביי אים פון אן ארקעסטער ביז א בענד מוזיק איז וואס אן ארקעסטער פארשלעפערט אים און א בענד וועקט אים אויף. אויב איר זיינט ניט איינשטימיג מיט אים קענט איר אריינשיקען א רעזאלוציע צו דער קאנווענשאן.

מיט איין ווארט, ביי אונז איז ערב יום טוב. אנדערמאלט, ווען איך בין אהיימגעקומען פון א רוישיגען ערב יום טוב איז ביי מיר פלוצלונג אויפ'ן געדאנק געקומען די פראגע, וואס איז דא נאך אלעמען אזוי גרויס די פרייד מיט דער קאנווענשאן? און באלד איז ביימיר אין געדאנק דער ווארט „קאנווענשאן" אוועק און זיין ארט האט פארנומען דער ווארט יוניאן. יע עס איז די יוניאן וואס עס איז אלעמען אזוי טייער. יע, עס איז די יוניאן וואס האט אונז ארויסגעשלעפט פון די סוועט שעפער, וואס האט אויז פריי געמאכט. און אויפ'ן געדאנק איז מיר ווידער געקומען געשיכטעס וואס איך האב זיך אנגעהערט פון גאר אלטע קלאוק מאכער ווי זיי האבען געשלעפט די מאשינען אויף די פלייצעס; געשיכטעס ווי אפערייטארס האבען געארבייט אוממענשליכע שטונדען, אז זיי האבען שוין־מעהר ניט געקענט איינהאלטען די פיס אויפ'ן מאשין־טרעטער, האבען זיי זיך צוגעבונדען די פיס מיט סים־ביינדינג צום טרעטעד און גענייט ביז מען האט זיך אריינגעקלאפט א נאדעל אין פינגער. דאס האט געדינט אלס צייט־אנווייזער אז מען דארף שוין כאפען א פאר שעה שלאף; געשיכטעס פון פרעסערס וואס זיינען געשלאפען אין שאפ אויף שראטעס, און ראצען פלעגען כאפען א שפאציר איבער זיי; געשיכטעס פון פינישערס, אז מען האט זיי גאר אינגאנצען ניט באטראכט פאר קיין מענשען.

נאכדעם איז מיר אויפ'ן געדאנק געקומען מיין אייגענע ביסעל ערפארונג מיט א יאר 24 צוריק. איך בין נאך גאר א יונגער איינגעל, איך ווער אן ארויסהעלפער ביי קלאוקס. מער ארבעט 10 שטונדען א טאג, פון 7.30 אין דער פרי ביז 12 אזייגער און פון 12.30 ביז 6 אזייגער אווענט. דאס איז געווען רעגעלע שטונדען, און דערנאך אווערטיים ביז 9 אזייגער. דא, צום אווערטיים, הייבט זיך אן די ריכטיגע פארע. מעהר האב איך פון רבי'ן, דעם אפערייטאר, ניט געהערט ווי, שנעלער, ווילסט זיין אן אפערייטאר, טו פאד שנעל. און אז מיר זיינען נאך דער ארבייט אהיימגעפארען האט מיר מיין רבי געגעבען צו פארשטיין אז זיינע געשרייען שנעלער, איז אינגאנצען פון מיין טובה וועגען.

---

זינגען, מיט אויסנאם פון סאן אנטאניא, פון אמעריקאנער שטאט, און א גאנץ נייער פעקטארי עלעמענט. די איינציגע מענער אין דער דארטיגער אינדוסטריע זיינען די קאטערס. אלע פרעסערס זיינען ניגער פרויען און אין מאנכע פאלען טוען עס ווייסע פרויען. מענער פרעסערס זיינען ניט בנמצא, אזוי אז כמעט 98 פראצענט ארבייטער אין טרייד זיינען פרויען.

מען האט מיך אויך אינפארמירט אז עס עקזיסטירען קאטען דרעס שעפער אין די קליינע שטעטלאך ארום אטלאנטא און ניו ארלינס, וואו עס ארבייטען צו צוויי און דריי הונדערט ארבייטער. א שאד וואס איך קיין צייט ניט געהאט דארט אריינצוקוקען.

צום סוף וויל איך פעסטשטעלען אז איך האב געוואונען דעם איינדרוק, דאס אין אלע שטעט, מיט דער אויסנאם פון ניו ארלינס, זיינען די ארבייטער וויליג צו באלאנגען צו דער יוניאן און אז אלץ וואס עס איז נויטיג צו טאן, איז אז עס זאל אהין געשיקט ווערען אן ערפארענער ארגאנייזער אויף א קורצע צייט און דאן וואלט מען זיי גאר שנעל געקענט ארגאניזירען.

באוועגונג, וועלכע האט אלץ אנגעווענדט פולשטענדיג צו פארניכטען די קלאוק מאכער יוניאן. דער געזונטער אינסטינקט פון דער מאיאריטעט קלאוק מאכער האט זיך ניט געלאזט פארפירען פון די קאמוניסטישע ארגאניזאציאנס צעברעכער און זיינען געבליבען לאיאל צו זייער יוניאן. דער ארגאניזאציאנס קאמפיין פון 1932 איז געפיהרט געווארען אונטער באדינגונגען וועלכע לאזען זיך פשוט ניט שילדערען. וויים פרעזידענט קריינדלער איז באשטימט געווארען אנצופיהרען מיט'ן קאמפיין. ווען ער איז אנגעקומען קיין טאראנטא האט ער אין אפיס אנגעטראפען אן אמת'ן חורבן. קיין סענט געלט צו באצאהלען פאר'ן טעלעפאן און סטיישאנערי איז ניט געווען. די אפיסערס האבן קיין שכירות ניט באקומען און האבען ניט געהאט קיין געלט צו באצאהלען א מאהלצייט. ברודער קריינדלער האט אונז געטראפען אין א שרעקליכען צושטאנד. אונזער גייסט איז אבער געווען אומגעבראכען. אבער איך בין זיכער אז ער וועט באשטעטיגען אז ער האט אין ערגעץ ניט אנגעטראפען אזא לאיאלע און איבערגעגעבענע גרופע, ווי ער האט אין אונז געהאט. די אינטערנעשאנאל איז דעמאלט ניט געווען אימשטאנד אונז צו העלפען אין א ברייטען מאסשטאב. מיר האבען געפיהרט דעם קאמפיין און גערופען א גענעראל סטרייק מיט אונזערע אייגענע כחות. דער סטרייק איז בלויז אויף 50 פראצענט געווען ווירקזאם. עס איז אונז געלונגען אים צו סעטלען אויף טיילווייז פארבעסערטע באדינגונגען און צו ארגאניזירען א יוניאן מיט אכט הונדערט מיטגלידער.

דאן איז געקומען דער יאהר 1933. דער זומער פון דעם יאהר וועט אויף אייביג בלייבען אין זכרון פון די טאראנטער קלאוק מאכער. אזא אגרעסיווע און אקטיווע צייט האבען מיר קיינמאל בעפאר ניט געזעהן. ברודער לאנגער און איך האבען מיט א גרופע אלטע און ערפארענע יוניאן לייט אנגעפיהרט מיט דער יוניאן. סטאפעדזשעס און סטרייקס זיינען געווען א טעגליכע ערשיינונג. גרויסע און קליינע מאנופעקשורערס האבען אנגעפאנגען צו פיהלען די ווירקונג פון דער יוניאן און עס איז געווען באשיינפערלאך אז עס איז בלויז א פראגע פון טעג ביז דער גאנצער טרייד וועט זיין ארגאנזירט.

אין אסיען פון 1933 האבען מיר אנגעפאנגען א נייעם ארגאניזאציאנס קאמפיין' צום ערשטען מאל אין דער געשיכטע פון דער יוניאן האבען מיר עס געטאן מיט לאקאלע כחות און זייער ערפאלגרייך. דעם 16טען יאנואר האבען מיר גערופען א סטרייק. די גאנצע אינדוסטריע איז אפגעשטעלט געווארען. נאך דריי וואכען סטרייק האבען מיר אויסגעקעמפט א זעהר גינסטיגען אגרימענט. אווערטיים איז אינגאנצען אפגעשאפט געווארען. אלס א רעזולטאט דערפון האט יעדער ארבייטער אין טרייד באקומען א דזשאב. אומגעפער דריי הונדער ארבייטער, וועלכע האבען זינט יאהרען ניט איינגעפעדעמט די נידעל, האבען באקומען ארבייט.

אין דער געשיכטע פון דער קלאוק מאכער יוניאן האט די סופיריאר קלאוק קאמפאני געשפילט א פארביסענע ראלע. אין 1931 האט זי ארויסגעווארפען אלע ארבייטער אין גאס. דיזע פירמע איז איינע פון די גרעסטע אין לאנד און אלעמאל ווען זי האט באזיגט די יוניאן, איז דאס געווען אן אנפאנג פון שלעכטע צייטען פאר דער יוניאן. אין 1933 האבען מיר געגען איהר געסטרייקט און האבען דעם סטרייק אין סעזאן פון 1934 ווידערהאלט. מיר זיינען איהר אזוי לאנג דערגאנגען די יאהרען ביז זי האט קאפיטולירט און האט זיך אונטערגעגעבען.

## דרעס מאכער דזשאינט באארד פאדערט אויף מיטגלידער צו העלפען דעם לאס אנדזשעלעס סאניטאריום

די דזשאינט באארד פון דער דרעס און וויסט מאכער יוניאן פון גרייטער ניו יארק, אן וועלכער עס זיינען אנגעשלאסען די לאקאלס 10, 22 60 און 89 פון דער אינטערנעשאנאל, האט באשלאסען אנצוהויבען א קאמפיין צווישען אלע איהרע מיטגלידער צו מאכען זאמלונגען פאר'ן לאס אנדזשעלעסער סאניטאריום און עקס-פיישיענטס האום.

אין דעם אפיל, וואס די דזשאינט באארד האט ארויסגעשיקט צו אלע איהרע שעפער, ווערט אנגעוויזען, אז דער לאס אנדזשעלעס סאניטאריום איז דער פלאץ, וואו מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל, ווען זיי ווערען אנגעגריפען פון דער פראלעטארישער קראנקהייט טובערקולאזיס, געפינען א פלאץ זיך צו היילען פון דער געפעהרליכען קראנקהייט.

אין די לעצטע דריי יאהר, זאגט דער אפיל, זיינען די דרעסמאכער ניט געווען אימשטאנד צו העלפען דעם סאניטאריום, אבער דער סאניטאריום האט פונדעסטוועגען געהאלטען זיינע טירען אפען פאר איהרע מיטגלידער און זיי זיינען דארט באהאנדעלט געווארען פונקט מיט אזוי פיל אויפמערקזאמקייט און איבערגעבענהייט ווי אין די יאהרען ווען די דרעסמאכער יוניאן האט דעם סאניטאריום געשטיצט מיט א ברייטער האנט.

פון דעם 16טען אפריל ביז דעם 19טען מאי איז באשטימט געווארען אנצוגעהן מיט דעם קאמפיין. אלע ארבייטער אין די דרעס שעפער ווערען אויפגעפאדערט צו מאכען ביישטייערונגען פאר'ן לאס אנדזשעלעס סאניטאריום דורך קויפען 10 סענטיגע סטעמפס. די סטעמפס קען מען קריגען ביי די שאפ טשערלייט און די טשערלייט זיינען אויטאריזירט געווארען צו מאכען די זאמלונגען אין די שעפער און גלייך אריינברענגען .די געזאמעלטע סומען אין אפיס פון דער דזשאינט באארד, 232 וועסט 40טע סטריט, רום 412.

דער אפיל ענדיגט זיך מיט די פאלגענדע ווערטער:

„שוועסטער און ברידער!

„מיר ווענדען זיך צו אייך מיט דעם דאזיגען אפיל, מיט דער זיכערקייט, אז איהר וועט טאן אלעס אין אייערע קרעפטען צו מאכען דעם קאמפיין פאר. אן ערפאלג.

**דזשוליוס האכמאן,**
**גענעראל מענעדזשער".**

## אנערקענונגס-רעזאלוציע

מיר, די ארבייטער פון זוסמאן און פוט, 530—7טע עוועניו, פארזאמעלט ביי א שאפ-מיטינג מיטוואך, דעם 9טען מאי, 1934, אין אפיס פון דזשאינט באארד, באשליסען אויסצודריקען אונזער טיפסטע און הארציגסטע אנערקענונג צו אונזער שאפ-טשערמאן, ברודער דזשאהן הארוויץ, פאר זיין אונערמידליכער ארבייט פאר די אינטערעסען פון די בעלי מלאכות אין שאפ. ברודער הארוויץ האט ניט איין מאל באוויזען, אז ער איז בלויז אויסען דעם וואוילזיין פון די ארבייטער און ביי יעהער געלעגנהייט האט ער עס איבערצייגט מיט טאטען.

נעמענדיג דאס אלעס אין אנבאטראכט, האט דער שאפ איינשטימיג באשלאסען אויסצודריקען אונזער דאנקבארקייט דורך פרעזענטירען איהם מיט א גאלדענעם ריסט-וואטש אלס מתנה.

גלייכצייטיג וויל דער שאפ אויסדריקען די צופרידענהייט מיט אונזער' ביזנעס-איידזשענט ברודער גארדאן, דורך וועמעס איבערגעבענהייט .און הילף צום טשערמאן אונזער שאפ איז אן אמת'ער יוניאן שאפ אין פולען זין פון ווארט.

רעזאלוציאנס קאמיטע:

א. בירנבאום — לאקאל 9
ס. פינקעלשטיין — לאקאל 9
ה. פייערשטיין לאקאל 1
ליוויי — לאקאל 1
דזש. פריטענטערי — לאקאל 48
מ. זאלצמאן — לאקאל 35.
**מ. זאלצמאן — לאקאל 35.**

# געשיכטליכע נאָטיצען פון טאָראָנטאָער קלאָוק און דרעסמאַכער יוניאָן

פון ס. קרייזמאַן

אַ קלאָוק מאַכער יוניאָן אין טאָראָנטאָ איז געגרינדעט געוואָרען מיט קנאַפּע צוואַנציג יאָהר צוריק. אין די פופצעהן יאָהר וואָס איך בין פאַרבונדען מיט אונזער אָרגאַניזאַציע, איז מיר אויסגעקומען מיטצומאַכען פילע אינטערעסאַנטע עפּיזאָדען. איצט צו דער געלעגענהייט פון אונזער יובילעאום קאָנווענשאָן, איז אַ פּאַסיגער מאָמענט צו דערמאָנען מאַנכע געשיכטליכע פּאַסירונגען וואָס האָבען צו טאָן מיט דער פאַרגאַנגענהייט, געגענוואַרט און צוקונפט אין דער יוניאָן. אין מיין זכרון לעבען אויף פאַרשידענע ערינערונגען, ווי אַ גרופּע טוער האָבען נאָך פאַר'ן סטרייק פון 1925 ווידער אויפגעלעבט די יוניאָן און האָבען זיך אָנגעשטרענגט צו אָרגאַניזירען דעם טרייד. צו יענער צייט האָט געפלאַקערט דער קאַמף צווישען לינקס און רעכטס און אונזער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט האָט זיך אָנגעשטויסען אויף אַ שאַרפע שטערונג מצד די לינקע אָפּאָזיציע. פונדעסטוועגען זיינען מיר אָנגעגאַנגען מיט אונזער טעטיגקייט, מיר האָבען גערופען דעם גענעראַל סטרייק, האָבען באַוויזען צו אָרגאַניזירען צוויי דריטעל אַרבייטער אין דער אינדוסטריע און האָבען געהאַט גוטע אויסזיכטען צו אָרגאַניזירען דעם גאַנצען טרייד. אָבער דאָ האָט זיך אָנגעפאַנגען די טראַגעדיע פון אונזער טרייד־יוניאָן באַוועגונג. דער קאַמף צווישען לינקס און רעכטס האָט זיך אַלץ מעהר צעפלאַקערט און אַנשטאָט זיך צו פאַרנעמען מיט אינדוסטריעלע פראַגען, האָט זיך די מיטגלידערשאַפט צעטיילט אין פּאָליטיש־פיינדליכע לאַגערען און האָבען זיך געגענזייטיג די האָר פון קאָפּ אַרויסגעריסען. דער רעזולטאַט האָט לייכט געקענט פאָראויסגעזעהן ווערען. די יוניאָן איז אין גיכען אונטערגעגאַנגען. די באַדינגונגען אין די שעפּער זיינען מיט יעדען טאָג געוואָרען ערגער, שכירות זיינען געפאַלען, די אַרבייטס־צייט איז געוואַקסען ווי אויף [illegible] און די קלאָוק מאַכער זיינען אָפּהענגיג געוואָרען פון גנאַד פון די באַלעבאַטים.

פונדעסטוועגען האָט טאָראָנטאָ צו אַלע צייטען פאַרמאָגט אַ גרופּע לאָיאַלע און איבערגעגעבענע טרייד־יוניאָניסטען, וועלכע זיינען אין ביזי און סלעק טיים אַלעמאָל געשטאַנען אויף דער וואַך אָפּצוהיטען די פאָן פון קלאָוק מאַכער אונטער די שלעכטע באַדינגונגען. די דאָזיגע גרופּע האָט אויפגעהאַלטען די יוניאָן פון 1926 ביז 1932. זיי האָבען מיט וואָרט און טאַט געטאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגליך געווען כדי אויפצוהאַלטען די האָפענונג און גלויבען אויף בעסערע צייטען. עס איז פאַר מיר אוממעגלאַך נים צו דערמאָנען די נעמען פון עטליכע פון אָט דער גרופּע. זיי זיינען ברודער קירזשנער, דער דאַמאָלסדיגער מענעדזשער פון דער יוניאָן; דער געוועזענער טשערמאַן פון דזשאָינט באָארד, ח. שאַץ; ברידער ה. מיס, ל. גאַלינסקי, ל. באַלפּאַט, ה. פייערשטיין, א. וויינגאַרטען, ה. סמיט, קעש, י. סיטראָן, ק. דזשיקאָבס און פילע אַנדערע, וועלכע האָבען וועהרענד אַ סך יאָהרען געטראָגען גרויסע קרבנות אום צו האָבען אַ יוניאָן. און אָט די יאָהרען האָבען מיר מיטגעמאַכט סטרייקס, לאָק־אויטס, אַרעסטען און אַנדערע צרות. אָבער מיר האָבען ניט אויפגעגעבען אונזער קאַמף ביז אונזער יוניאָן האָט אין 1929 דורכגעמאַכט אַ צייט פון אינטערעסאַנטע ערפאַרונגען. דאָס איז געווען, ווען ברודער שלעזינגער איז אין 1929 געוואָרען פּרעזידענט און ברודער דובינסקי סעקרעטער־טרעזשורער פון דער אינטערנעשאַנאַל. פּאַסירונגען אין טאָראָנטאָ האָבען זיך אָנגעפאַנגען באַוועגען מיט אַ דראַמאַטישער שנעלינקייט. עס האָט זיך געדוכט אַז די טאָראָנטער קלאָוק מאַכער זיינען פּלוצלונג עלעקטריזירט געוואָרען. דער פאַרלאַנג פאַר אַן אמת'ער יוניאָן איז געוואָרען אויגענשיינליך. איך דערמאָן זיך אַ פּאַסירונג, וואָס האָט געטראָפען בעת דער טאָראָנטאָער קאָנווענשאָן פון דעק א. פ. אָוו ל., אין אָסיען פון דעם זעלבען יאָהר, ווען די אינטערנעשאַנאַל דעלעגאַציע באַשטעהענד פון דובינסקי, נאַגלער, קאָטאָפּסקי און פאַני קאָהן זיינען געווען אין טאָראָנטאָ. מיר האָבען דאַן געהאַט באַשלאָסען אָנצופאַנגען אַן אינטענסיווען אָרגאַניזאַציאָנס דרייוו אין קלאָוק טרייד און דאַן צו רופען אַ גענעראַל סטרייק. עס איז געווען דעם ערשטען מאָל, ווען די טאָראָנטער קלאָוקמאַכער האָבען זיך פּערזענליך באַקענט מיט ברודער דובינסקי און דער איינדרוק וואָס ער און זיינע מיטדעלעגאַטען האָבען צוריקגעלאָזט איז געווען אַזוי גרויס אַז עס האָט סטימולירט דעם אָרגאַניזאַציאָנס־דרייוו צו אַזאַ ריזיגען ערפאָלג, ווי טאָראָנטאָ האָט אים קיינמאָל בעפאָר ניט געזעהן. באַלד דערנאָך האָט ברודער דובינסקי באַשטימט ברודער שיין צו פיהרען דעם קאַמפּיין פון די טאָראָנטער יוניאָן. דער קאַמפּיין איז געפיהרט געוואָרען מיט אַ ריזיגען נצחון. אַלע קלאָוק מאַכער האָבען געשטראָמט אין דער יוניאָן אַריין. עס איז דאַן גערופען געוואָרען אַ גענעראַל סטרייק און די גאַנצע אינדוסטריע איז פאָלשטענדיג פּאַראַליזירט געוואָרען. די באַלעבאַטים און דער גאַנצער טרייד זיינען איבערראַשט געוואָרען פון צוויי־וואָכיגען סטרייק און האָבען אונטערשריבען אַ קאָלעקטיווען אַגרימענט מיט דער יוניאָן, וועלכער האָט די אַרבייטער געבראַכט באַדייטענדע פאַרליבערונגען. עס האָבען זיך אָבער גלייך ווידער אָנגעפאַנגען צרות. עס שיינט אַז אונזערע קלאָוקמאַכער זיינען אַ סך אַ בעסערער קאַמפּס־ און ליידענס מאַטעריאַל און זיי פאַרשטעהען אַ סך בעסער צו קעמפען פאַר אַ יוניאָן איידער איהר אויפצוהאַלטען און צו פיהרען אין רוהיגער פרידענס צייט.

גלייך נאָך דער סטאַבּילירונג פון דער יוניאָן אין 1930, האָבען זיך אָנגעפאַנגען אינערליכע רייסערייען און קליינליכע פּערזענליכע פּאָליטיקס, וועלכע האָבען די יוניאָן ווידער שטאַרק אָפּגעשוואַכט. די אַמביציע פון אונזער יוניאָן איז געווען צו אָרגאַניזירען די דרעס מאַכער. אין 1931 האָבען מיר גערופען אַ גענעראַל סטרייק פון די דרעס מאַכער. דער סטרייק האָט געדויערט 10 וואָכען, מיט גרויס פאַרביטערונג און גרויסע פאַרפאָלגונגען. העכער צוויי הונדערט אַרעסטען זיינען פאָרגעקומען. די קלאָוק מאַכער יוניאָן איז אין קאַמף געווען שטאַרק פאַרוויקעלט. מיר האָבען פאַרשטאַנען אַז אויב דער סטרייק וועט פאַרלאָרען געהן וועט ער האָבען אַ שלעכטען איינפלוס אויף די באַדינגונגען פון די קלאָוק מאַכער. דער דרעס סטרייק איז ניט געווען קיין סוקסעס. עס איז באַלד פאָרגעקומען אַ דעמאָראַליזאַציע צווישען די קלאָוקמאַכער און די באַלעבאַטים האָבען עס אויסגענוצט צו געבען אַ טויט־קלאַפּ דער יוניאָן.

ווי געוויינליך אין אַזעלכע סיטואַציעס האָבען אונזערע קאָממוניסטישע צושטערער געהאָלפען צעפלאַקערען דעם פייער פון ברודער־קאַמף און ווען דער פייער איז געלאָשען געוואָרען האָבען זיי זיך גענומען כאַפּען פיש אין מוטנעם וואַסער. דער רעזולטאַט איז געווען אַז די יוניאָן איז צעפאַלען אין שטיקער. דער ספּרינג סעזאָן פון 1933 האָט בלויז אָנגעטראָפען אַ שאַרבען פון אונזער אָרגאַניזאַציע, און די קלאָוק מאַכער פון טאָראָנטאָ זיינען ווידער געווען אָנגעוויזען אויפ'ן גנאַד פון דער יונייאָן. די חוצפה פון די באַלעבאַטים איז געשטיגען. אַלטע אַרבייטער זיינען געוואָרפען געוואָרען פון די שעפּער. דער אַרבייטס־לוין איז ווידער געפאַלען און די אַרבייטס־שטונדען געשטיגען. די באַדינגונגען אין די שעפּער האָבען דערגרייכט די נידעריגסטע מדרגה.

אין קריטישסטען מאָמענט איז די אַלטע גוואַרדיע ווידער ערשינען אויף דער וואַך. דער שרייבער פון דיזע צייל(ע)ן איז אַריין אין אָפּיס און צוזאַמען מיט די אַלטע און עטליכע נייע יונגע כחות האָבען מיר זיך גענומען טריטוויז ווידער אויפצובויען די יוניאָן. מיר האָבען אָבער דעם מאָל באַגעגנט ניט בלויז די שווערע אינדוסטריעלע פּראָבלעמען, נאָר אויך אַ דואַל אָפּאָזיציע

# ביי די קלאָוקמאַכער פון פילאַדעלפיא

פון מאָריס ספּיוואַק
(סעקרעטער פון פילאַדעלפיער דזשאָינט באָארד)

קודם כל איז ווערט צו פאַרצייכענען, אַז דורך דער פיהרערשאַפט פון אונזער יוניאָן צוזאַמען מיט דער דזשאָינט באָארד איז געלונגען צו שאַפען אין פילאַדעלפיא א זעהר פריינדליכע באַציהונג צווישען די קלאָוקמאַכער. ווען א שאַפ-טשערמאַן אָדער אַפילו א שאַפ-קאָמיטע טוט גוטע אַרבייט אין שאַפ, ווערט דאָס פון די מיטגלידער אין שאַפ אָפּגעשאַצט, באַדאַנקט און זאָגאַר באַלוינט מיט פאַרשיידענע פרעזענטען און טשעקס.

ניט לאַנג צוריק איז א קאָמיטע-לײדי פון הײדעל-סאָנ'ס שאַפ מיט'ן נאָמען לינא קאָפער פרעזענטירט געוואָרען פאַר איהר גוטער אַרבייט מיט זעהר א ווערטה-פולער זאַך. אויך דער שאַפ-טשערמאַן פון זעלבען שאַפ איז פרעזענטירט געוואָרען מיט 75 דאָלאַר פאַר דורכ-פיהרען די אויפזיכט אין שאַפ הונדערט פּראָצענט, ווי די אַרבייטער האָבען פאַרלאַנגט.

אין אַלגעמיין איז די יוניאָן שטאָלץ דערמיט, וואָס איהרע אָרדערס און באַשלוסען ווערען דורכגעפיהרט אויף א זעהר שעהנעם אופן. ס'איז אויך ווערט צו דערמאָנען, אַז אונזערע מיטינגען זיינען זעהר גוט-באַזוכט און זיינען באַהערשט מיט א שטימונג פון באַגייסטערונג. יעדער לאָקאַל פיהלט זיך שטאָלץ צו זעהן ווי די שטימונג פון די מעמבערס איז א גוטע. מיט איינינע וואָכען צוריק האָט לאָקאַל 2 פרעזענטירט זייער סעקרעטער, וועלכער איז יעצט דער סעקרעטער פון דזשאָינט באָארד, מאָריס ספיוואַק, מיט זעהר א שעהנעם פרעזענט פאַר טאָן די אַרבייט פון דער לאָקאַל 2 עקזעקוטיוו.

אויך ווילען מיר דאָ באַמערקען, אַז דער פילאַדעל-פיער דזשאָינט באָארד איז, ווי אַלע מאָל, גרייט און ווילי: דורכצופיהרען אירגענד וועלכען באַשלוס, וואָס ווערט גע-מאַכט פון דער אינטערנעשאָנאַל אַלס א גאַנצע. אויך גיבען מיר זעהר גוט אַכטונג, אַז די קאָודס זאָלען אָפּ-געהיט ווערען אין די שעפער. נאַטירליך שטויסען מיר זיך אָפט אָן אויף גרויסע פעלע, וואו מיר דאַרפען אַרויס-ציינען „בעק באָון". דאָס שוואַכט אָבער ניט אָפּ דעם דזשאָינט באָארד פון געהן פאָרווערטס און זעהן אַז אונ-זערע מעמבערס זאָלען מאַכען א לעבען. מיט שטאָלץ קענען מיר זאָגען, אַז פריינט רובין און פריינט ריידין, אַלס פיהרער פון דער יוניאָן, לאָזען ניט דורך קיין גע-לעגענהייט צו פאַרבעסערען די אַרבייטס-צושטענדען פון די מיטגלידער און זעהען אַז די אַרבייטער זאָלען זיך ניט פיהלען געקריוודעט. יעדער פראַגע ווערט גרינדליך אַרום-גערעדט פון דזשאָינט באָארד און פון באָארד אָוו דירעק-טאָרס און די אַרבייטער'ס אינטערעסען ווערען פאַרטיי-דיגט, אַלץ איינס פון וועלכען ברענטש פון טרייד זיי זאָלען ניט זיין.

איך וויל אויך באַמערקען וועגען פריינט ביזלקען, דעם טשערמאַן פון אונזער דזשאָינט באָארד, אַז ער איז זעהר ערנסט און איבערגעגעבען אין יעדער פראַגע, וואָס ווערט אויפגענומען פון דזשאָינט באָארד, און יעדער דעסיזשאָן וואָס ווערט פון איהם אַרויסגעגעבען איז ווירק-ליך זעהר פראַקטיש און יושר'דיג.

בכלל פיהלט זיך איצט אין פילאַדעלפיא, אַז מיר האָבען א יוניאָן מיט א פיהרערשאַפט, וואָס איז פאַר-אינטערעסירט אין איין זאַך — און דאָס איז, אַז אונ-זערע אַרבייטער זאָלען מאַכען א לעבען.

אַלץ וואָס אונז פעהלט אין פילאַדעלפיא איז נאָך א פאַר מאַנופעקטשורערס, כדי עס זאָל מעגליך זיין צו געפינען פלעצער פאַר אונזערע מעמבערס. די יוניאָן טוט וואָס עס איז נאָר מעגליך אַרויפצושיקען צו דער אַרבייט אַזוי פיל מענשען וויפיל נאָר מעגליך. טראָץ דעם וואָס מיר האָבען ניט גענוג מאַנופעקטשורערס דאָ, האָבען מיר זיך קיינמאָל ניט פאַרלאָרען און מיר האָבען און ווילען אַלע מאָל האָבען א שעהנע קלאָוקמאַכער יוניאָן אין פילאַדעלפיא.

איך וואָלט געוואָלט איבערגעבען פאַר די לעזער פון דער „גערעכטיגקייט" די שעהנע שטימונג, וואָס האָט גע-הערשט ביי דעם באַנקעט, וואָס מיר האָבען דאָ געהאַט מיט א וואָך צוריק אין דער קאָלאָניאַל קאַפע, 514 ס. 5טע סטריט.

דאָרטען זיינען געווען פאַרטראָטען די דזשאָינט באָארד צוזאַמען מיט אַלע עקזעקוטיוועס, און אונזער עקס-טשערמאַן פון דזשאָינט באָארד, ברודער ב. קאַרפ, און דער עקס-סעקרעטער, ברודער מאָריס לעווין, זיינען פרעזענטירט געוואָרען מיט שעהנע פרעזענטען פאַר דער אַרבייט, וואָס די דאָזיגע צוויי באַליבטע יוניאָן-פיהרער האָבען געטאָן פאַר דער קלאָוקמאַכער יוניאָן אין פילאַ-דעלפיא.

עס האָט זיך אויף דיזען באַנקעט שטאַרק געפיהלט, ווי ליב די פילאַדעלפיער קלאָוקמאַכער יוניאָן איז ביי יע-דערען, און אַלע האָבען זיך ערקלערט גרייט צו שטעלען אין די רייהען פון קלאָוקמאַכער דזשאָינט באָארד און פאַר-טיידיגען די אינטערעסען פון דער יוניאָן, פונקט ווי זיי האָבען דאָס אַלע מאָל געטאָן.

ביים באַנקעט איז אויך געפאַלען א פאָרשלאָג פון דעם געוועזענער סעקרעטער פון דזשאָינט באָארד, ברודער מאָריס לעווין, אַז די דזשאָינט באָארד זאָל האָבען אַזעלכע אָווענטען אַלע זעקס מאָנאַטען, און דיזער פאָרשלאָג איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען.

אין דער נאָהענטער צוקונפט האָף איך צו קענען באַריכטען מעהר איינצעלהייטען פון דער אַרבייט פון אונזער קלאָוקמאַכער דזשאָינט באָארד.

## אַנערקענונגס-רעזאָלוציע

מיר, די אַרבייטער פון די קאָנטראַקטאָרס פון דער מאָנאַרך גאַרמענט קאָ., 512—7טע עוועניו, פאַרזאַמעלט אין קלאָוקמאַכער דזשאָינט באָארד אָפיס, מאָנטאַג, דעם 9טען אַפּריל 1934, נעמען אָן פאָלגענדע רעזאָלוציע:

מיר באַדאַנקען אונזער ביזנעס אַגענט ברודער יאַנ-קעל מילער, וועלכער האָט אימער געטריישט זיין בעסטעס פאַר אונז און איז צו יעדער צייט געווען גרייט צו פאַר-טיידיגען אונזערע אינטערעסען. מיר אַנערקענען זעהר זיין אַרבייט און מיר פרעזענטירען איהם מיט א סעט סילווער און א פאָונטיין-פען, און מיר ווינשען איהם און זיין פאַמיליע זיי זאָלען דאָס נוצען געזונטערהייד.

די קאָמיטע:

מאָריס קאַפלאַן — לאָקאַל 1
סעם האַפנער — לאָקאַל 9
גאָלדבערג — לאָקאַל 1
בעני האָדעס — לאָקאַל 35.

## אַנערקענונגס-רעזאָלוציע

מיר, די אַרבייטער פון דער פירמע פיינהויזסט פראַק, 462 זיבעטע עוועניו, פאַרזאַמעלט ביי א שאַפ-מיטינג, דריקען אויס אונזער דאַנק צו אונזער שאַפ-טשערמאַן, בעני בעקער, פאַר זיין אונערמידליכער אַרבייט פאַר אונז אויסצוגלייכען אַלע מיספאַרשטענדניסע מיט דער פירמע, אום מיר זאָלען קענען מאַכען א לעבען.

א ספּעציעלען דאַנק צו דעם אַסיסטענט מענעדזשער, דזשעק גאָלדסטיין, און דעם ביזנעס אייזשענט האַוואַנאַ פאַר דער הילף, וואָס זיי האָבען אונז געלייסטעט אין אונזער שאַפ.

הענרי רובינפעלד — לאָקאַל 22
קאַדיש וואָלפערט — לאָקאַל 60
יעטא ראָזענבערג — לאָקאַל 22
דזשאָזעפין סיגנאָוועלי — לאָקאַל 98
איזי הורוויץ — לאָקאַל 10,
שאַפ טשערמאַן פון די קאַטערס.

# ענטוזיאסטישער אינסטאלײשאָן־מיטינג פון דרעסמאַכער לאָקאַל 22

דער אינסטאלײשאָן מיטינג פון דעם ניו יאָרקער דרעסמאַכער לאָקאַל 22 פון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, וואָס איז דינסטאָג אָוונט, דעם 17טען אַפּריל פאָרגעקומען, איז געווען איינער פון די באַגייסטערטסטע יוניאָן מיטינגען וואָס איז ווען ניט איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק. דער ריזיגער מעקא טעמפּעל האָט געהילכט פון אַפּלאָדיסמענטען און דער ענטוזיאַזם איז געווען דער בעסטער אויסדרוק פון דער איינשטימיגקייט פון די מיטגלידער מיט דעם רעקאָרד פון דער אַדמיניסטראַציע פון דער פאַרגאַנגענהייט און מיט איה'רע פּלענער פאַר דער צוקונפט.

דער מיטינג האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דעם טענערקלאַנג פון דעם אינטערנאַציאָנאַל און דער סאָלידאַריטעט־ליד, וואָס איז געשפּילט געוואָרען פון יוניאָן אָרקעסטער, וועלכער איז גאָר ניט לאַנג צוריק געגרינדעט געוואָרען פון בילדונגס דעפּאַרטמענט פון לאָקאַל 22.

ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבען, האָט זיך אַנטפּלעקט אויף דער ביהנע אַ זעלטען שעהן בילד. די עקזעקוטיוו באָארד און אָפּיסערס מיט סאַשאַ צימערמאַן, דעם מענעדזשער פון לאָקאַל, אין דער מיט, האָבען זיך געפונען אין אַ וואַלד פון בלומען, וואָס זיינען צוגעשיקט געוואָרען פון די אַרבייטער אין פאַרשיידענע שעפּער. די סצענע איז באַגעגענט געוואָרען מיט אַ באַגייסטערטער אָוואַציע.

ברודער לואיס נעלסאָן האָט געעפענט דעם אימפּאָזאַנטען אינסטאַלײשאָן מיטינג. ער האָט ערקלערט די וויכטיגקייט פון דעם צוזאַמענקונפט און האָט שאַרף פאַרדאַמט די נאַרגיפטעטע פּראָפּאַגאַנדאַ פון דואַל־יוניאָניזם.

ברודער דובינסקי, דער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל, האָט דאַן מיט אַ קרעפטיגער רעדע אינסטאַלירט די ניי־ערוועהלטע באַאַמטע. אין זיין רעדע האָט ער געשילדערט דעם פּראָגרעס פון דער יוניאָן אין לעצטען יאָהר און האָט גרינדליך באַריהרט אַלע אָנגעוועהטאָגטע און שווערע פּראָבלעמען פון דער צוקינפטיגע יוניאָן־אויפגאַבע. דובינסקי האָט זיך, דאַן געגוי אָפּגעשטעלט אויף דעם לאָקאַוט פון די קאָנטראַקטאָרס געגען די אַרבייטער און האָט זייער שאַרף באַצייכענט אַלס אַ פּראָוואָקאַציע געגען דער יוניאָן און אַן אַטאַקע געגען די אַרבייטער. אַלע אַנדערע רעדנער האָבען גערעדט אין אַט דעם זעלבען זין.

נאָך פּרעזידענט דובינסקי'ס אינסטאַלײשאָן־רעדע איז פאָרגעקומען אַ פּראַכטפולער קאָנצערט מיט דער באַטייליגונג פון דער יוניאָנ'ס מאַנדאָלין אָרקעסטער, וועלכער איז אויך געגרינדעט געוואָרען פון בילדונגס־דעפּאַרטמענט פון לאָקאַל. דער קאָנצערט איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויסען בייפאַל. נאָך דעם ווי דזשוליוס האָכמאַן, דזשענעראַל מענעדזשער פון דער דרעסמאַכער דזשאָינט באָארד; לואידזשי אַנטאָניני, פון איטאַליענישען דרעסמאַכער לאָקאַל, און סעם פּערלמוטער, מענעדזשער פון לאָקאַל 10, האָבען געהאַלטען קורצע באַגריסונגס־רעדעס, האָט סאַשאַ צימערמאַן, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 22, געהאַלטען אַ קרעפטיגע רעדע. ער האָט געגעבען אַן אינטערעסאַנטען בילד פון דעם ריזיגען פּראָגרעס, וואָס די דרעסמאַכער יוניאָן האָט לעצטענס געמאַכט אויפ'ן אָרגאַניזאַציאָנעלען און פינאַנציעלען געביט און האָט געשילדערט מיט וואָס פאַר אַ פעהיגקייטען די אינטערעסען פון די דרעסמאַכער זיינען פאַרטיידיגט געוואָרען. ער האָט דאַן אָנגעוויזען אויפ'ן קאַמף פאַר איינינקייט צווישען די דרעסמאַכער, וועלכער האָט געפיהרט צו דער אויפבויאונג פון אַ מעכטיגער דרעסמאַכער יוניאָן אונטער דעם באַנער פון דער אינטערנעשאָנאַל. צום סוף האָט ער באַריהרט די ריכט־ליניען פון דער אַדמיניסטראַציע פאַר דער טעטיגקייט פון קומענדיגען אַדמיניסטראַציאָנס־יאָהר.

מיט'ן געזאַנג פון אינטערנאַציאָנאַל האָט דער עולם פאַרלאָזט דעם אומפאַרגעסליכען און פייערליכען מיטינג.

***

אין די לאָקאַל וואַהלען, וואָס זיינען פאָרגעקומען דעם 27טען מאַרטש, האָבען זיך באַטייליגט 13,000 מיטגלידער. די עלעקשאָנס האָבען געבראַכט אַ ריזיגען ערפאָלג פאַר די אָנהענגער פון דער פּראָגרעסיווער יוניאָן־אַדמיניסטראַציע. ברודער צימערמאַן, דער פּראָגרעסיווער קאַנדידאַט פאַר מענעדזשער, האָט באַקומען 73 פּראָצענט שטימען געגען די 27 פּראָצענט שטימען, וואָס עס האָט באַקומען דער קאַנדידאַט פון די לינקע. אַלע פּראָגרעסיווע קאַנדידאַטען פאַר דער עקזעקוטיוו באָארד, פאַר ביזנעס אייזשענטס און פאַר דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן זיינען דערוועהלט געוואָרען.

---

## אָנערקענונגס־רעזאָלוציע

מיר, די אַרבייטער פון אהרן גאָלדשטיין, 530—7טע עוועניו, פאַרזאַמעלט ביי אַ שאַפּ־מיטינג מאָנטאָג, דעם 19טען מאַרטש, אין אָפיס פון לאָקאַל 1, אונטער דעם פאָרזיץ פון ברודער טאָלטשינסקי, באַשליסען אויסצודריקען אונזער אַלעמענס הערצליכע דאַנקבאַרקייט און אָנערקענונג צו אונזער שאַפּ־טשערמאַן נייטען גאָלדין, און מיר באַשליסען צו פּרעזענטירען איהם מיט אַ גאָלדענער ריסט־וואַטש ביי אַ באַנקעט וואָס מיר גיהען אַראַנזשירען.

מיר ווינשען איהם ער זאָל דעם פּרעזענט נוצען געזונטעהייד מיט פיל צופרידענהייט און ער זאָל ווייטער אָנגעהן מיט זיין גוטער, איבערגעבענער אַרבייט פאַר'ן וואוילזיין פון אונזער שאַפּ און יוניאָן.

עס ווערט אויך באַשלאָסען אויסצודריקען אַ הערצליכען דאַנק צו אונזער ביזנעס אייזשענט בר גאָרדאָן פאַר זיין גוטען אַטענדען צו אונזער שאַפּ און פאַר זיין איבערגעבענהייט אין אַלגעמיין. מיר אַלע האָפען, אַז ער וועט ניט מיד ווערען און פאָרטזעצען די גוטע אַרבייט אין דער צוקונפט.

ספּעציעל באַדאַנקען מיר ברודער ל. ליווי, מענעדזשער פון לאָקאַל 1, פאַר זיין ספּעציעלען אינטערעס, וואָס ער האָט אַרויסגעצייגט צו אונזער שאַפּ. ער האָט אָוועקגעגעבען פיל צייט און מיה צו דערגרייכען דעם געווינס וואָס מיר האָבען אין אונזער שאַפּ געקראָגען. מיר באַשליסען צו שטעהן אויף דער וואַך און איהם העלפען אין זיין גוטער אַרבייט פאַר אַנדערע פונקט ווי פאַר אונז.

די קאָמיטע:

אייב טאָלטשינסקי — לאָקאַל 9
אבּרהם ליבערמאַן — לאָקאַל 9
איזראַעל דעניס — לאָקאַל 9
פרענק בראָדסקי — לאָקאַל 1
איזי רידמאַן — לאָקאַל 1
היימאַן בוירג — לאָקאַל 35.

---

## אָנערקענונגס־רעזאָלוציע

מיר, די אַרבייטער פון אַסטראָף קלאָוק קאָ., 74 וועסט 23טע סטריט, אָנערקענען די וויכטיגע אַרבייט פון אונזער ביזנעס אייזשענט בר. י. בלאָק און אונזער דיסטריקט מענעדזשער בר. ה. סלוצקי, וועלכע האָבען גענומען אַלצדינג אין זייערע כחות צו קריגען פאַר אונז אונזערע שכירות נאָכדעם ווי אונזער באַלעבאָס איז פאַרשוואונדען מיט אונזער „פּעי".

איזידאָר וואַרשאַווסקי, טשערמאַן
יוסף גראָוומאַן — לאָקאַל 10
הערי קראַקאָוו — לאָקאַל 35
אַ. זאָלין — לאָקאַל 1
בעקי גאָלדבערג — לאָקאַל 9.

# באגריסונגען.

## באגריסונג פון צענטראל קאמיטעט פון „בונד" און פון די אידישע יוניאנס אין פוילען

אין נאמען פון צענטראל־קאמיטעט פון „בונד" אין פוילען, אין נאמען פון צענטראל־ראט פון די פראפ. פאראיינען און אין נאמען פון דער צענטראלע פון נאדל־פאראיין שיק איך אייך איבער מיין הארציגסטע באגריסונג.

איהר וועט זיך צונויפקומען אין שיקאגא אין א צייט, ווען דער קערפער פון ארבייטער־קלאס איז באדעקט מיט טיפע, בלוטיגע וואונדען. דערשטיקט, דערנידעריגט ליגט דער מעכטיגער דייטשער פראלעטאריאט, מיט הייליגען מסירת־נפש האט באצאהלט דער עסטרייכישער ארבייטער־קלאס פאר זיין מפלה, ס'דערטראגען זיך קלאנגען פון פארשיידענע קלענערע מלוכות, אז אויך דארט האט דער בלוטדורשטיגער פאשיזם געזיגט.

אייער ארגאניזאציע האט אבער צו פארצייכענען א ריזיגען וואוקס אין משך פון לעצטען יאהר. צענדליגער טויזענטער עקספלואטירטע ארבייטער האבען אנגעהויבען שטראמען אין אייערע יוניאנס. דאס איז א סימן פון דערוואכטען קלאסען־באוואוסטזיין ביים אמעריקאנער פראלעטאריאט. ער האט פארשטאנען און דערפיהלט, אז זיין כח ליגט אין ארגאניזאציע, אין צונויפגעבונדענקייט.

מיט שטאלץ וועט איהר קענען רײדען וועגען אייערע נצחונות. אבער גראד אין דער צייט פון אויפשוואונג טאר מען נישט פארגעסען, אז פראפעסיאנעלער קאמף איז בלויז א טייל פון דעם גרויסען באפרייאונגס־קאמף פאר א נייער קלאסענלאזער וועלט פון סאציאליזם. דער נעראנגעל דערפאר, אז דער ארבייטער זאל פארבעסערן זיין לאגע איז בלויז א שטאפעל צו דעם גרויסען אנטשיידענעם שלאכט פון מארגען פאר דעראבערען די מאכט פון ארבייטער־קלאס איבער דער וועלט.

די פארטיי פון אידישען ארבייטער־קלאס, דער „בונד", האט אלעמאל פארבונדען דעם טאג־טעגליכען עקאנאמישען קאמף מיט דעם גרויסען פאליטישען אידעאל פון סאציאליזם. דאס גיט די צענדליגע טויזענטער אידישע ארבייטער אין פוילען מוט, כח, אויסדויער אין דעם שווערען קאמף קעגען פאשיזם. ווען די פאשיסטישע מאכט ביי אונז אין פוילען האט נישט איינמאל שוין דורכגעפיהרט ברוטאלע אנגריפען אויף אונזערע יוניאנס, געפרואווט זיי צוברעכען דורך רדיפות, טעראר, קארופציע — האט דער אידישער ארבייטער ארויסגעוויזען דעם שטארקסטען ווידערשטאנד. קיין שום כח האט נישט געקענט צווינגען דעם אידישען ארבייטער צו פארראטען זיין ארגאניזאציע, צו פארלאזען זיין רויטע פאהן.

די דאזיגע עקשנות און העלדישקייט האט אין זיי איינגעפלאנצט דער „בונד".

די אידישע ארבייטער אין פוילען פיהלען זיך ווי היימישע מחותנים אויף אייער יום־טוב. טויזענטער צווישען אייך האבען דעם גאנג אין דער וועלט זיך געלערענט ביים „בונד", אין זיינע קרייזלאך זיך אויסגעלערענט פיהרען די וואונדערפולע מלחמה, וואס הייסט קלאסען־קאמף.

א סך פון אייערע בעסטע טוער און פיהרער האבען זייער פראלעטארישע דערוואכונג צו פארדאנקען דעם „בונד". דעריבער איז אייער שמחה אויך אונזערע!

זאל אייער קאנווענשאן זיין באלויכטען מיט העלישען פייער פון סאציאליסטישען אידעאליזם!

יש. מענדעלסאן,

פארשטעהער פון צ. ק. פון „בונד" אין פוילען.

## באגריסונג פון די אידיש־וועלטליכע שולען אין פוילען

ליבער פריינט ד. דובינסקי:

איך שיק דורך אייך איבער אן עפענטליכען גרוס צו דער יובל־קאנווענשאן פון אייער פרעכטיגער און מעכטיגער ארגאניזאציע. א גרוס אייך אין נאמען פון דער צענטראלער אידישער שול־ארגאניזאציע אין פוילען, פון איהרע הונדערטער לעהרער און טויזענטער קינדער.

די העכער 15 טויזענט קינדער, וואס לערנען אין אונזערע פאלק־שולען, דאס זיינען קינדער פון דער אידישער ארבייטערשאפט — קינדער פון סמאטשא און קראכמאלנע אין ווארשא, קינדער פון באלוט אין לאדוש, קינדער פון פאנאיקעס אין ביאליסטאק.

דער אידישער ארבייטער וויל האבען פאר זיינע קינדער א נארמאלע שול אין דער מוטערשפראך פון קינד. דער אידישער ארבייטער וויל, אז זיין קינד זאל דערצויגען ווערען אין וועלטליכקייט, פרייהייט, סאציאליזם. אונזער שול גיט דאס אלעס דעם קינד.

אונזער שול זארגט וועגען געזונט פון קינד, וועגען זיין דערנערונג און פיזישער דערציאונג.

אונזער שול גרייט א יונגען דור — מיט מוט און קאמפסלוסטיגקייט, מיט גרייטקייט צו נעמען די רויטע פאהן אין זיינע הענט.

אייער פראלעטארישע ארגאניזאציע און אונזער אידיש־וועלטליכע שול זיינען צווייגען פון איין שעהנעם בוים, וואס וואקסט אריין אין דער צוקונפט, וואס רייסט זיך צו דער זון פון גערעכטיגקייט און ברידערליכקייט.

דערפאר זיינט איהר אזוי ליב און טייער אונזער שול־ארגאניזאציע. דערפאר שיקען מיר אייך איבער היינט אונזערע הארציגע באגריסונגען. אונז איז גוט באקאנט אויך אייער ווארימע באציהונג צו אונזער שול, אייער אויפריכטיגע סימפאטיע צו אונזער שול־טעטיגקייט.

זאל לעבען דער אידישער נאדעל־ארבייטער און זיין ארגאניזאציע.

פארטרעטער פון צענטר. איד. שול־אקציע,

ח. ש. קאזדאן.

## אנערקענונגס־רעזאלוציע

מיר, די ארבייטער פון אבראמאוויץ בראס., 225 וועסט 39טע סטריט, זייענדיג פארזאמעלט ביי אן ערשטער מאי פארטי אין גאטליב'ס רעסטאראנט, האבען באשלאסען אויסצודריקען אונזער הערצליכע דאנקבארקייט צו אונזער געטרייען מענעדזשער, ברודער דזשייקאב העלער, וועלכער האט, ניט קוקענדיג אויף פארשיידענע שוועריגקייטען, געווירקט אויף אונזער באלעבאס צו עפענען א גוטען און אנשטענדיגען יוניאן־שאפ, וואו מיר, ארבייטער, מאכען א פיינעם, אנשטענדיגען לעבען אין הארמאניע און צופרידענהייט. מיר ווינשען איהם און זיין פאמיליע געזונט און לאנג לעבען.

אויך ווינשען מיר אויסצודריקען אונזער דאנק אין פולען צוטרוי צו אונזער גוטען און געטרייען ביזנעס־אייגזשענט, ברודער אייברעהעם בעלסאן, פאר זיין גוטער און געטרייער ארבייט, און צו דער גאנצער פיהרערשאפט פון לאקאל 17, און מיר ווינשען אז אין דער נאהענטער צוקונפט זאל אונזער לאקאל 17 זיין דער שפיגעל פון אונזער אינטערנעשאנאל.

מיט ברידערליכען גרוס,

סעם שאפירא, טשערמאן

סעם גינזבורג,

לואיס קאהען,

קאמיטע.

# פרייע צייט

פון פאניא מ. קאהען
סעקרעטאר פון בילדונג דעפארטמענט.

אונזערע מיטגלידער דארפען זיך ניט ברעכען דעם קאפ וועגען דעם, וואס זיי זאלען טאן מיט דער פרייער צייט, וואס זיי האבען לעצטענס געוואונען דורך דעם פארקירצען ארבייטס טאג. אונזער בילדונגס דעפארטמענט טוט דאס פאר זייערטוועגען. אונזער בילדונגס דעפארטמענט אליין איז א רעזולטאט פון פארקירצטע ארבייטס־שטונדען, וואס זיינען אויסגעקעמפט געווארען מיט מיה און פיין.

מענשען וואס ארבייטען לאנגע שטונדען און וועמעס קערפער און גייסט זיינען מיד פון שווערער הא־עוואניע קענען ניט טראכטען וועגען בילדונג.

יענע צייט ווען בלויזע ארבייטס־צייט איז באטראכט געווארען פאר נוצליכע צייט, איז שוין לאנג פארשוואונדען. עס איז פארביי די צייט ווען צעשטרייאונג איז באטראכט געווארען פאר לײדיגגעהעריי. היינט־צו־טאג איז שוין אלגעמיין אנערקענט אז גראד אין די פרייע צעשטרייאונגס שטונדען טוען די ארבייטער די נוצליכסטע זאכען. זיי בילדען זייערע ארגאניזאציעס, וואס פיהרען זיי פאראויס אנטקעגען א בעסערער און שיינערער וועלט. אין לענדער, וואו די ארבייטער ווערען אונטערדריקט, וואו זיי האבען ניט קיינע ארגאניזאציעס צו פארטיידיגען זייערע אינטערעסען און ווערען געצוואונגען צו ארבייטען לאנגע שטונדען פאר א הונגער לוין, שפילען זיי קיין שום ראלע אין נאציאנאלען לעבען. פאר זיי עקזיסטירט ניט אזא פראבלעם: וואס צו טאן מיט צעשטרייאונג, ווי אזוי אמבעסטען צו פארווענדען פרייע צייט. אונזערע מיטגלידער האבען לעצטענס דורך דער יוניאן געוואונען א גרויסע מאס פרייע צייט, און עס שטעהט איצט פאר אונז די פראגע ווי אזוי די דאזיגע פרייע צייט אויסצונוצען אויף אן אינטעליגענטען און צוועקמעסיגען אופן.

אונזער דעפארטמענט האט אן אויסגעארבייטען פלאן פאר אט דער פרייער צייט. דאס ערשטע וואס מיר נעמען אין אנבאטראכט, איז רוה. רוה מיינט א סך מער ווי בלויז ניט ארבייטען. רוה איז ניט א פולשטענדיגע אקטיוולאזיגקייט. פרייוויליגע אקטיוויטעט איז אויך רוה אין א געוויסען הינזיכט. אונזער בילדונגס דעפארטמענט האט אונזערע מיטגלידער זינט יאהרען אנגעוויזען אויף דער נויטיגקייט פון פרייוויליגע אקטיוויטעט און צושטרייאונג. יעדער סעזאן אין יאהר האט זיינע צושטרייאונגס־מעגליכקייטען. פונקט אזוי ווי מיר האבען א פראגראם פאר פיזישע צושטרייאונג, האט אויך אונזער בילדונגס דעפארטמענט אן אויסגעארבייטען פלאן פאר גייסטיגע טעטיגקייט. מיטינגען, לעקטשורס איבער ליטעראטור, עקאנאמיע און סאציאלע וויסענשאפטען, איבער דער אמעריקאנער און אינטערנאציאנאלער ארבייטער באוועגונג. מיר ארראנזשירען אונטערהאלטונגען, טעאטער פארשטעלונגען און קאנצערטען.

באזונדערע אויפמערקזאמקייט שענקען מיר דער טרייד יוניאן באוועגונג. מיר באקענען די ארבייטער פון אונזער יוניאן מיט דער נויטווענדיגקייט פון ארבייטער סאלידאריטעט, פון דער נויטווענדיגקייט צו קעמפען קעגען קאמפאני יוניאנס.

פאר דער אויסבילדונג פון אינטעליגענטע עקזעקוטיוו באארד מיטגלידער, שאפ טשערליים און בעאמטע, האבען מיר קאמפעטענטע אינסטרוקטארס, וואס לערנען ווי אזוי צו פירען אלע יוניאן אקטיוויטעטען. דורך דיזע בילדונגס טעטיגקייטען וועקען מיר דעם אינטערעס פון אונזערע מיטגלידער צו אלע ארבייטער פראבלעמען און זיי ווערען געוואר, וואס פאר א וויכטיגען ארט זיי פארנעמען אין דער געזעלשאפט. אונזערע קורסען און מיטינגען ווערען שטימונגספול ארראנזשירט דורך זינגען ארבייטער און פאלקס לידער.

אונזער עדיוקיישאנעל דעפארטמענט פארנעמט זיך אויך מיט א ברייטער מוזיקאליש־און דראמאטישער טעטיגקייט פאר אונזערע מיטגלידער. מיר האבען דראמאטישע קורסען מיט ספעציאליזירטע אינסטרוקטארען, וועלכע פיהרען אויף פארשטעלונגען ספעציעל געשריבען צו דעם צוועק. מיר האבען געגרינדעט מאנדאלין ארקעסטערס און געזאנגס כארען. דער קאלעקטיווער געזאנג שפילט איצט א גרויסע ראלע אין אונזער אקטיוויטעט.

אונזער אינטערנעשאנעל האט איינגעזען, אז דער ראדיא און מואווי פיקטשורס שפילען א גרויסע ראלע אלס בילדונגס אינסטרומענטען און מיר באנוצען זיך דעריבער מיט דיזע מיטלען. דורך די וועכענטליכע ראדיא פראגראמען יעדען פרייטאג אווענד ברענגען מיר אריין פרייד און בילדונג אין די היימען פון אונזערע ארבייטער. די אינטערנעשאנעל האלט איצט אין שאפען א מואווינג פיקטשור, וואס וועט פארשטעלען די געשיכטע פון אונזער יוניאן. דאס וועט זיין אן אייגנארטיגע פראדוקציע, ווייל אונזערע מיטגלידער וועלען זיין די שוישפילער און די בילדער און סצענעס וועלען פארשטעלען אונזערע היימען און שעפער, אונזער קאמף און אונזערע זיגען.

א חוץ דעם האבען מיר אויך א גרויסען פראפאגאנדע און בילדונגס אפאראט דורך דעם געדרוקטען ווארט. אין עדיטאריעלס און ארטיקלען אין אונזערע מאנאטליכע אויסגאבען בילדען מיר די ארבייטער און מאכען זיי באקאנט מיט אונזערע אייגענע פראבלעמען און מיט די פראבלעמען פון דער גאנצער ארבייטער באוועגונג. אין אונזער געשריבענער אויפקלערונגס ארבייט שפילען אויך א גרויסע ראלע פאמפלעטס, אויפרופען און באזונדערע ארטיקלען וועגען די פארשידענע עפאכען פון דער געשיכטע פון דער אינטערנעשאנעל. צולעצט סטימולירען מיר אונזערע לעזער צו לעזען גוטע ביכער און זשורנאלען.

דורך דיזע נוצליכע און פילזייטיגע בילדונגס טעטיגקייט פילען מיר אויס די פרייע צייט פון אונזער גרויסער מיטגלידערשאפט, וואס באלערט זיי און זייערע פאמיליעס און גיט זיי א געלעגענהייט צו לעבען און צו פארברענגען די פרייע צייט אויף אן אינטעליגענטן אופן.

---

## אנערקענונגס־רעזאלוציע

מיר, די ארבייטער פון ה. לעווינ'ס שאפ, 181 איסט 119טע סטריט, פארזאמעלט ביי א שאפמיטינג אין אפיס פונ'ם דזשאינט באארד, 131 וועסט 33טע סטריט, אונטער דעם פארזיץ פון ביזנעס איידזשענט ברודער מאריס פיינבערג, באשליסען:

נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז אונזער שאפ־טשערמאן, ברודער מאריס גאלדבערג, האט זיך זעהר שטארק אויסגעצייכענט מיט זיין אקטיוויטעט פאר'ן בענעפיט פון די ארבייטער אין אונזער שאפ; און אין אנבאטראכט, אז זיין ארבייט האט אוועקגעשטעלט אונזער שאפ אויף דעם באזיס פון אן אמת'ן אויסגעהאלטענעם יוניאן־שאפ, וואו מיר געניסען אלע יוניאן־באדינגונגען; באשליסען מיר צו פרעזענטירען ברודער גאלדבערג מיט א דיימאנד רינג אלס אויסדרוק פון אנערקענונג פאר זיין יוניאן־טעטיגקייט און אויך אלס אן ערמוטיגונג פאר ווייטערדיגער טעטיגקייט.

טראג איהם, ברודער גאלדבערג, געזונטערהייט!

די שאפ קאמיטע:
אייבי גראסמאן, לאקאל 1
היימי בראון, לאקאל 1
היימאוויץ, לאקאל 9
שאפירא, לאקאל 35.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

**Vol. XVI. No. 6.** | **Jersey City, N. J., July, 1934** | **Price 10 Cents**

דער „באנדעל" ארבייט, וואס די קאנווענשאן האט געגעבען דעם ניי־געוועהלטען
פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל



ער וועט מוזען ארבייטען מעהר ווי 30 שעה א וואך...

Price 10 Cents



# מיט'ן אייגענעם כח!

פון נארמאן טאמאס

עס טוט מיר גרויס הנאה צו שרייבען א באגריסונג פאר דער ספעציעלער יובילעאום אויסגאבע פון דער „גערעכטיגקייט". די אינטערנעשאנאל האט געוויזען אלע אנדערע יוניאנס אין אמעריקא ווי אזוי א יוניאן דארף האנדלען אין צייטען פון קריזיס און אין צייטען פון מעגליכקייטען. זי האט פראפיטירט פון אלע געלעגענהייטען, וואס די נ. ר. א. האט איהר געגעבען און איז פונדעסטוועגען נים אריינגעפאלען אין א פסיכאז פון אונטערוואַרפענקייט צו א פאליטישען רעזשים אין וואשינגטאן, וואס איז אויסגעשפראכען קאפיטאליסטיש.

אייער יוניאן האט אלע מאל געוואוסט, אז זי טאר זיך נים פארלאזען אויף מתנות און מוז זיך שטיצען אויף אייגענע כחות. וואס זי פארלאנגט איז נים קיין מתנה, נאר פשוט'ע רעכט. א רעכט, וואס קען בלויז דערגרייכט ווערען דורך ארגאניזאציע. א ווירקזאמע ארגאניזאציע מוז אבער היינט צו טאג, אחוץ אן אינדוסטריעלען, אויך האבען א פאליטישען כאראקטער. צו קעמפען נעגען פאשיזם מוזען די ארבייטער זיין אינדוסטריעל ארגאניזירט און אנטשלאסען צום קאמף פאר דער ארגאניזירונג פון אלע אומארגאניזירטע, אהן אונטערשיד צי דאס זיינען אנגעשטעלטע אדער פאבריק־ארבייטער. די ארבייטער מוזען אויך זיין פאליטיש ארגאניזירט, ווארים אזוי לאנג ווי ארבייטער באזיצען נים קיין פאליטישע מאכט קענען די קאפיטאליסטען סוף־כל־סוף אויסנוצען די דאזיגע מאכט פאר זייערע פאשיסטישע צוועקען. עס איז אונזער גליק, וואס מיר האבען נאך עטליכע חדשים אדער מאנאטען צייט פריי צו אטעמען. ווארים דערווייל איז אין אמעריקא פאראן בלויז א נייגונג צום פאשיזם, קיין ארגאניזירטע פאשיסטישע באוועגונג אין נאציאנאלען מאסשטאב האבען מיר נים. מיר האבען אבער נים קיין צייט צו פארליהרען. מיר האבען פאר וואס צו קעמפען אויף דער וועלט — —צו עמאנציפירען די ארבייטער פון שקלאפעריי און קריג און איינצופיהרען די סאציאליסטישע וועלט פון מענשליכקייט.

דאס איז א קאמף, וואס מוז אנגעפיהרט ווערען אין די שעפער, אין דער אינדוסטריע אין סטייט און אויף דער גאנצער וועלט. דאס איז א קאמף פאר בעסערע לעבענס־באדינגונגען, פאר פרידען, פאר גערעכטיגקייט און פאר פרייהייט.

איך האב דעם גלויבען, דאס אייער אינטערנעשאנאל וועט אונטער איהר שטאלצען באנער פיהרען איהר ריזיגע פרידענס־ארמעע אין אלץ גרעסערע צאהלען פאראויס צום ענדגילטיגען זיג.

# די 35־יעהריגע יובילעאום קאנווענשאן

פון דער

# אינטערנעשאנאל לידיס גארמענט װאירקערס יוניאן

וועט אפגעהאלטען ווערען אין שיקאגא. די ערעפענונג וועט פארקומען

## אין אשלאנד בולעווארד אודיטאריום, מאנטאג, 28טען מאי

צוויי ספעציעלע טריינס מיט די דעלעגאטען און געסט וועלען פארלאזען ניו יארק שבת, דעם 26טען מאי, פון גרענד סענטראל סטיישאן אום 5:20 נאכמיטאג (ניו יארק צייט). מיר האבען באקומען רעדוצירטע פרייזען פון דער רעילראוד־קאמפאני פאר די דעלעגאטען און געסט.

אחוץ די סליפינג־קארס וועלען אויך זיין ספעציעלע „קאוטש" קארס פאר די דעלעגאטען און געסט וואס ווילען זיך באנוצען מיט דעם פאר דעם פרייז פון $18.20 הין און צוריק.

באשטעלונגען דארפען זאפארט געמאכט ווערען (פאר אירגענד וועלכע פון די טריינס) דורך עקזעקוטיוו סעקרעטאר פרעד אמהעי, אין אינטערנעשאנאל אפיס.

צושריפטען, באגריסונגען, טעלעגראמען זאלען צוגעשיקט ווערען צו די העדקאהערס פון דער קאנווענשאן, וואו די זיצונגען פון דער קאנווענשאן וועלען אויך שטאטפינדען:

**MEDINAH MICHIGAN AVENUE CLUB, CHICAGO, ILLINOIS**

### די קרעדענשעל קאמיטע פאר דער שיקאגא'ר קאנווענשאן

דער לעצטער מיטינג פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד האט באשטימט א קרעדענשעל קאמיטע פון 7 פערזאן, וועלכע וועט דארפען הערען אבדזשעקשאנס נעגען ערוועהלטע דעלעגאטען און נוטהייסען די מאנדאטען. די פאלגענדע פערזאנען שטעלען צוזאמען די קאמיטע: איזידאר נאגלער, ניו יארק (טשערמאן); ראובן צוקערמאן, לאקאל 1, ניו יארק; דעסטי, לאקאל 49, ניו יארק; לושיא ראמאלדי, לאקאל 89, ניו יארק; נייטען מארגוליס, לאקאל 22, ניו יארק; מאיר בערנשטיין, לאקאל 18, שיקאגא; מארים ראמסקי, לאקאל 2, פילאדעלפיא.

די קרעדענשעל קאמיטע האט אנגעפאנגען איהרע זיצונגען דאנערשטאג, דעם 17טען מאי, אין קאונסיל־רום פון דער אינטערנעשאנאל בילדינג, 3 וועסט 16טע סטרים, ניו יארק, אום 10 אוהר אינדערפריה.

די, וואס האבען אירגענד וועלכע אויסזעצונגען געגען ערוועהלטע דעלעגאטען, דארפען דאס זאפארט אריינשיקען צום טשערמאן פון דער קאמיטע, איזידאר נאגלער, אין אפיס פון דער אינטערנעשאנאל.

אינטערנעשאנאל לידיס גארמענט
וואירקערס יוניאן.